# יעקב פאַט



# חנהקע

די טאָכטער פֿון דער לערערין שיינע

יעקב פאַט

# חנהקע

## די טאָכטער פון דער לערערין שיינע

אילוסטראַציעס: צירל וואָלעצקי





ביי דער
"געזעלשאַפט פאַר יידיש־וועלטלעכע שולן אין אַרגענטינע"
בוענאָס־איירעס

1964

מיין אייניקל אברהמל —

צו זיין בר מצווה

מיין ליבער אברהמל:

איך גיי דיר דערציילן וועגן אונדזער משפּחה, וואָס לעבט שוין ניט מער. זי איז אומגעבראַכט געוואָרן פון די נאַציס — זאָל אָפּגעמעקט ווערן זייער נאָמען.

# אינהאַלט:

# פאָרוואָרט

ליבע ייִדישע קינדער!

איך נעם זיך פאַר אַ שווערע אָבער וויכטיקע אַרבעט. איך מוז טאָן די אַרבעט כל־זמן איך האָב פאַר איר כוח.

איך האָב זי אָפּגעלייגט אויף שפּעטער, אויף מאָרגן, איבערמאָרגן. אָבער מער אָפּלייגן וויל איך נישט. עס קאָן ווערן צו שפּעט.

לעצטנס הער איך ביינאַכט אין חלום אַ שטימע שעפּטשען צו מיר:

— שרייב די געשיכטע פאַר דיין אייניקל! פאַר אַלע ייִדישע קינדער! לייג נישט אָפּ!

עס איז נישט קיין אויסטראַכטעניש, וואָס איך גיי דאָ איצט שרייבן. עס איז אַן אמתע געשיכטע.

דאָס דאַרף זיין די געשיכטע פון מיין אייגענער משפּחה, וואָס איז אומגעבראַכט געוואָרן פון די נאַציס.

איך זע זיי, די מענטשן פון מיין משפּחה. איך געדענק זיי אַזוי גוט. ווען איך פאַרמאַך נאָר די אויגן, באַוועגן זיך פאַר מיר דייערע שאָטנס. איך חלום אַ מאָל מיט אָפענע אויגן.

אָט דאַכט זיך מיר, אַז זיי האָבן זיך געשטעלט ביי מיין שרייבטיש און ווילן וויסן וואָס איך שרייב וועגן זיי.

איך וועל אייך דערציילן וואָס מיט זיי איז פאַרלאָפן אין דער צייט פון דער מלחמה מיט די נאַציס. דאָס איז אַ געשיכטע סיי וועגן מיין משפּחה אין סיי וועגן די ייִדן פון מיין היימשטאָט ביאַליסטאָק, וועמען די דייטשן האָבן אומגעבראַכט. וועגן די ייִדישע מיידלעך און בחורים, וואָס האָבן געקעמפט מיט די נאַציס און זענען אומגעקומען אין אָט דער הייליקער מלחמה.

איך האָב געהאַט דריי שוועסטער. דריי ייִדישע לערערינס: שינע, אסתר־צביה און ביילע. זייערע מענער זענען געווען ייִדישע לערער אין

קולטור־מענטשן: בנימין לעווין, מרדכי רובינשטיין און ישראל־עמנואל הערמאַן.

איך וועל אייך דערציילן וועגן זייערע קינדער, וואָס זענען שפּעטער אומגעבראַכט געוואָרן פֿון די נאַציס.

די שוועסטער, זייערע מענער און קינדער, זענען מיר געבליבן איינ־געבאַקן אין האַרצן. געבענטשט זאָל זיין זייער אָנדענק!

גאָר באַזונדער איז די העלדן־מעשה וועגן מייַן טייערער שוועסטערס טעכטערל, חנה׳קע, וואָס איז אַוועק פֿון דער וועלט מיט אַ ליכטיקער קרוין אויף איר בלאָנדן קאָפּ — אַ קרוין פֿון אַ געטאָ־העלדין.

איר ליכטיק האַרץ האָט אַרויסגעשיינט פֿון איר. זי איז נאָך דעמאָלט געווען יונג ווי דער ערשטער חלום.

אין מיטן די נעכט און אין די גרויסע פּרימאַרגנס אין דער ביאַליס־טאָקער געטאָ האָט זי געהערט שעפּטשענדיק צו איר אַ גרויסן אָנזאָג:

— חנה׳קע, עס ווערט דיר אָנפאַרטרויט אַ שליחות צו זיין אַ געטאָ־קעמפּערין!

איך וויל אויך דערציילן וועגן מייַן צווייטער שוועסטער אסתר־צביהס יונגן זון, יוסף׳קע, אַ בריליאַנטענער תלמיד פֿון דער יידישער פֿאָלקשול.

אים איז אויסגעקומען צו זיין אַ געהיימער ראַדיאָ־פּאַרטייטשער אין דער ביאַליסטאָקער געטאָ.

עס ציטערן מיר די הענט, ווען איך הייב אָן שרייבן וועגן זיי, ווען איך וויל זיי אויפלעבן אויפן פּאַפּיר. הלוואי זאָל איך עס קאָנען טאָן!

זיי קומען צו מיר אין חלום, קיינער זעט זיי נישט, זיי באַווייזן זיך צו מיר אין האַלבער נאַכט, בחצי הלילה. די קינדער שעפּטשען צו מיר:

— אַ סך ניסים זענען געשען אין דער יידישער געשיכטע בחצי הלילה. קומען אויך מיר צו דיר אין האַלבער נאַכט. מיר זענען דאָך די נאַצי־פֿאַרברענטע געטאָ־קינדער!

מיינע שוועסטערס: שיינע, אסתר־צביה און ביילע, שעפּטשען צו מיר:

— דערצייל, דערצייל דיינע קינדער און אייניקלעך, זאָלן מיר לעבן פֿאַר זייערע אויגן, דערצייל עס אַלע יידישע קינדער!

זאָלן זיי וויסן און געדענקען!



## די מלחמה הייבט זיך אָן

עס איז די צייט פון דער לעצטער וועלט-מלחמה, די מלחמה מיט די דייטשן.

אדאָלף היטלער, דער דייטשער מלאך המות, דער האַר פון טויט, איז געווען גוט צוגעגרייט. ער האָט געהאַט ריזיקע אַר־מייען, מיט די נייעסטע און שטאַרקסטע וואָפן, מיט גאַזן, מיט האַר־מאַטן, מיט ווייט-שיסנדיקע מאַשין-ביקסן, מיט דינאַמיט-באָמבעס, מיט טויזנטער באָמבאַרדיר-עראָפּלאַנען, מיט מעכטיקע טאַנקן, מיט געהיימע געווער, וואָס קענען פאַרברענען שטעט, מיט מאָרד־מאַשינען און גיפט-קעסלען, וואָס די וועלט האָט נאָך אַזוינס נישט געזען. ער איז געווען זיכער, אַז ער וועט פאַרניכטן יעדן איינעם, וואָס וועט זיך אים אַנטקעגנשטעלן.

די גאַנצע וועלט וועט געהערן צו אים, צום טויט-מאַרשאַל אַדאָלף היטלער דעם דייטש!

עס איז געווען גוט באַוווּסט, אַז היטלער ברענט מיט שנאה צו ייִדן. ער גייט די ייִדן פאַרטיליקן, פאַרניכטן. ער האָט געהאַט אַ משוגעת אין זיין קאָפּ, אַז ער וועט נישט קענען באַהערשן די וועלט, זי אַוועקלייגן אונטער זיינע פיס, אויב ייִדן וועלן בלייבן לעבן. דעריבער מוז ער זיי פאַרניכטן!

די רציחה צו ייִדן האָט געפּלאַמט אין זיין טייוולשן האַרץ. עס האָט געברענט אין אים אַ פייער פון גיהנום, ווי ווילדע טיגערס וואָלטן געוואָיעט אין אים.

מען האָט געזאָגט די ייִדן, אַז היטלער גייט מאַכן אַ „נאַכט פון לאַנגן מעסער" — קוילענען, שעכטן יעדן איינעם. די ייִדן האָבן נישט געקענט און נישט געוואָלט גלייבן.

— קיינער וועט נישט קיין מאָל ווער ער שעכט דער לעצטער — האָט מען געזאָגט.

אַלטע ייִדן מיט ווייסע בערד האָבן געזאָגט:

— מיט אַ לאַנגן מעסער קען היטלער אויך שעכטן זיך אַליין!...

מען האָט נישט געקענט גלייבן, נישט געוואָלט גלייבן, אַז אַדאָלף היטלער וועט טאַקע איינעמען די גאַנצע וועלט.

— ווו וועט זיין גאָט? — האָבן אַלטע ייִדן געפרעגט.

— ער וועט דאָך ווענן אויך שעכטן גאָט אַליין!

— דאָס וועט ער נישט קענען!

אין די קליינע שטעטלעך פון פּוילן, אין די אַלטע שולן, זיינען געזעסן פרומע ייִדן איבער אָפענע ספרים און פון זיי געלערנט: „עס קען נישט זיין. עס וועט נישט זיין. נישט צום שלעכטן איז געשאַפן געוואָרן די וועלט!". זיי האָבן געלערנט די ספרים מיט ברען, מיט זייער אַלטן ניגון. מיט די פרומע ספרים האָבן די ייִדן זיך געמוטיקט.

דערוויל מאַרשירט היטלער מיט זיינע אַרמייען, מיט זיינע האַרמאַטן, מיט זיינע טויט-מאַשינען, מיט זיינע פעסער סס. ער פאַרנעמט די וועגן פון פּוילן.

צוזאַמען מיט אים האָבן מאַרשירט די טייוואָלים פון טויט, פון הונגער, פון מגפות.

די פּוילישע אַרמיי האָט זיך נישט געקענט אַנטקעגנשטעלן היטלערס טויזנטער האַרמאַטן, עראָפּלאַנען און טאַנקן. די דייטשע זעלנער, די רוצחים, די נאַציס, האָבן פאַרנומען שטעט און שטעטלעך פון פּוילן, ווו עס האָבן שוין הונדערטער יאָרן געוווינט

די קינדער פון אונדזער ייִדישן פאָלק. מער ווי דריי מיליאָן ייִדן האָבן דאָן געוווינט אויפן שטח פון פוילן!

רויך און פייער האָט געשלאָגן פון די שטעט. געוויינען פון מאַמעס האָבן זיך געריסן צו די הימלען. געשרייען פון קינדער, וואָס האָבן פאַרלוירן זייערע טאַטעס און מאַמעס, האָבן משוגע געמאַכט די מענטשן.

אַז ייִדן האָבן געהערט, אַז היטלער גייט, דערגענטערט זיך, באַלד וועט ער אַריינקומען אין שטאָט, אין די גאַסן — זיינען זיי אַרויס פון שטאָט און געלאָפן. וווּהין זאָל מען לויפן האָט מען נישט געוווּסט. ווי קען מען זיך ראַטעווען האָט מען אויך נישט געוווּסט — אַבי אַוועק ווייטער, אַבי אַנטלויפן, אַבי כאָטש דערווייל זיך ראַטעווען פון טויט.

גאָט האָט איז אויסגעצויגן, ער וועט אונדז ראַטעווען — האָבן געשעפּטשעט אַלטע ייִדן — גאָט וועט אונדז נישט פאַרלאָזן!

אָבער אַז מען האָט געקוקט אַרום און אַרום, געקוקט אויף אַלע זייטן, האָט מען נאָר געזען פייער, רויך און טויט.



# אַנטלויפֿן!

מיינע שוועסטערס, זייערע מענער און זייערע קינדער האָבן ביז דער מלחמה געוווינט אין די פּוילישע שטעט וואַרשע און ביאַ־ליסטאָק. מיין שוועסטער אסתר־צביה — אין ביאַליסטאָק. מיינע שוועסטערס שיינע און ביילע — אין וואַרשע. ווען די מלחמה האָט זיך אָנגעהויבן, האָבן שיינע און ביילע, ווי אַ סך אַנדערע ייִדן, זיך געלאָזן לויפֿן. גענומען די קינדער פֿאַר די הענט און געלאָפֿן. מיין שוועסטער שיינע איז געלאָפֿן מיט אירע טעכטער חנהקע און מיטקע. מיין שוועסטער ביילע איז געלאָפֿן מיט אירע קינדער זמרה און רות.

זיי זיינען געלאָפֿן פֿון וואַרשע, דער הויפּטשטאָט פֿון פּוילן, דער גרויסער און אַלטער שטאָט וואַרשע, וווּ זיי האָבן געוווינט, וווּ זיי זיינען געווען ייִדישע לערערינס, וווּ זייערע קינדער האָבן זיך געלערנט אין ייִדישע שולן.

וווּהין לויפֿט מען? מען לויפֿט אויף מזרח. די דייטשן קומען אָן פֿון מערב — לויפֿן ייִדן אַוועק וואָס ווייטער פֿון זיי, אויף מזרח.

מען לאָזט איבער די דירות אויף הפקר. די מעבל, די שאַפֿעס מיט די קליידער בלייבן איבער אויף גאָטס באַראָט. מען כאַפּט אַרויף אויף זיך אַ מאַנטל, מען נעמט אַ העמד, אַ קלייד, אַ פּאָר זאָקן און אַ שטיק ברויט — מער גאָרנישט. קיין שווערע פּעק קאָן

מען נישט מיטנעמען. מען מוז דאָך דאָס אַלץ שלעפּן אין האַנט אָדער טראָגן אין אַ זאַק אויפֿן פּלייצע. און דער וועג איז אַ לאַנגער. ווער ווייס ווי לאַנג? ווער ווייס ווי ווייט מען וועט דאַרפֿן אַזוי לויפֿן?

ציִען זיך הונדערטער טויזנטער ייִדן איבער די וועגן. טייל, די גליקלעכערע, קענען זיך אַרויפֿכאַפּן אויף עפּעס אַ משא־באָן. די רייכערע פֿאָרן מיט פֿורלעך, וואָס אַ פֿערד שלעפּט. די מערסטע מוזן אָבער גיין צו פֿוס.

מען גייט פֿון פֿאַר טאָג ביז שפּעט ביי נאַכט אויף די שטויביקע וועגן. פֿון מאָל צו מאָל באַווייזן זיך אין דער לופֿטן דייטשע עראָפּלאַנען און וואַרפֿן אַראָפּ באָמבעס. ווער עס באַוויזט אַראָפּצולויפֿן פֿון וועג — ראַטעוועט זיך. אַנדערע בלייבן ליגן טויטע, פֿאַרוווּנדעטע. די איבעריקע לויפֿן ווייטער.

ביי נאַכט לייגט מען זיך מידע אַוועק ביים ראַנד פֿון וועג און מען שלאָפֿט איין. אַמאָל לאָזט אַ פֿויער איבערנעכטיקן אין אַ שייער אָדער אין אַ שטאָל לעבן זיינע בהמות.

פּליטים! אַלע פּוילישע וועגן זיינען דאַן, אין האַרבסט 1939, געוועזן פֿול מיט ייִדן פּליטים, וואָס זיינען געלאָפֿן פֿון די מערדער.

צווישן זיי זיינען אויך געוועזן שיינע און ביילע, יעדע פֿון זיי מיט צוויי טעכטערלעך ביי די הענט.



# קיין ביאַליסטאָק!

ווּהין זיינען זיי געלאָפן? זיי זיינען געלאָפן צו דער שטאָט פון זייערע עלטערן, צו דער שטאָט ביאַליסטאָק. דאָרט האָט גע־וווינט זייער דריטע שוועסטער, אסתר־צביה מיט איר מאַן און זייערע צוויי זין יוסף און רפאל.

דאַן, אין 1939, האָבן די דייטשן באַשלאָסן נאָך נישט צו פאַר־נעמען גאַנץ פּוילן. היטלער האָט געשלאָסן אַן אָפּמאַך מיט סטאַ־לינען. ער האָט זיך מיט אים פאַנאַנדערגעטיילט מיט פּוילן.

— אַ העלפט פאַר מיר און אַ העלפט פאַר דיר!

ביאַליסטאָק האָט געהערט צו יענעם שטח, וואָס די רוסן האָבן פאַרנומען. דאָרט האָט מען נאָך דערווייל נישט געשאָכטן קיין ייִדן. זיינען די פּליטים געלאָפן אַהין. מען האָט געמוזט אַריבער־שווימען מיט אַ שיפל אַ גרויסן טייך, וואָס האָט געהייסן „בוג", כדי אָנצוקומען אויף דער צווייטער זייט. פון ביידע זייטן טייך זיינען געשטאַנען זעלנער, דייטשע און רוסישע. זיי פלעגן אָפט מאָל שיסן אויף די קליינע שיפלעך מיט די ייִדישע פּליטים, אָדער אויף די ייִנגערע ייִדן, וואָס פלעגן וועלן אַליין אַדורכשווימען דעם

ברייטן וואַסער. פיל ייִדן זיינען דערשאָסן און דערטרונקען געוואָרן. אָבער די ייִדן האָבן זיך נישט אָפּגעשראָקן. זיי פלעגן זיך ביי נאַכט אַריבערגנבענען דורך דער גרענעץ. און פון דאָרט פלעגן זיי זיך ווייטער לאָזן קיין ביאַליסטאָק.

איך וועל דערציילן כאָטש אַ ביסל וועגן דער שטאָט ביאַליסטאָק, וווּ איך בין געבוירן געוואָרן. איך זע זי שטענדיק פאַר מיינע אויגן.

נאָך דער מלחמה בין איך געווען אין ביאַליסטאָק. דאָן זיינען שוין דאָרטן מער נישט געווען קיין ייִדן. איך האָב זיך אַוועקגעזעצט אויף דער גאַס, וווּ איך האָב אַמאָל געוווינט, וווּ עס איז אַמאָל געשטאַנען אַ הויז, אין וועלכן עס האָבן געלעבט מיין טאַטע און מיין מאַמע. עס איז געווען אַרום פּוסט און שטיל. מיר האָט זיך אָבער געדוכט, אַז איך הער געוויינען, האַרץ־רייסנדיקע געשרייען. עס האָט זיך מיר נאָר געדוכט אַזוי. אין שטאָט איז שוין דאָן מער נישט געווען וועער עס זאָל שרייען... אירע זעכציק טויזנט ייִדן זיינען שוין געהאַט אַוועק מיט פייער און רויך — דערהרגעט פון די נאַצישע גזלנים. איך האָב זיך דעמאָלט אַרומגעקוקט און געזען, אַז איך זיץ אויף אַ שטיין פון אַ פאַרברענטער ייִדישער היים. איך זיץ און טרערן גיסן זיך מיר פון די אויגן...

בין איך אַוועק מיטן געדאַנק צו דער פאַרגאַנגענהייט פון דער שטאָט ביאַליסטאָק. די שטאָט איז געווען וויסט, אָבער גאָר נישט לאַנג צוריק איז זי געווען אַ לעבעדיקע, אַ שפּרודלדיקע, אַ קעמפערישע ייִדישע שטאָט.

ביאַליסטאָק איז געווען אַ שטאָט פון קנאַפּע הונדערט טויזנט איינוווינער. מער ווי אַ העלפט פון זיי זיינען געווען ייִדן. עס איז געווען אַן אַרבעטער־שטאָט. אַלע מענטשן, מענער און פרויען, האָבן געאַרבעט. אַ שטאָט פון גרויסע טעקסטיל־פאַבריקן. אין די פאַבריקן זיינען געשטאַנען וועב־שטולן. זיינען דאָרט געווען ייִדן־וועבער און געוועבט שטאָפן. זיי האָבן פון דער אַרבעט פאַרדינט אויף אַ שטיקל ברויט. אויך אַ סך פרויען האָבן געאַרבעט אין די טעק-

סטיל-פּאַבריקן. מען האָט זיי גערופן „נופּערקעס", „שנעלערקעס". זיי פלעגן געשווינדט צונויפבינדן, צונויפפלעכטן די פעדעס.

די סחורות, וואָס די יידישע וועבער פלעגן פּאַרטיק מאַכן אין ביאַליסטאָק, פלעגט מען דערנאָך פונאַנדערשיקן איבער דער גאַנצער וועלט.

עס זיינען געווען אין ביאַליסטאָק צווישן די אַרבעטער אַ סך פרומע ייִדן, מיט בערד. זיי פלעגן טראָגן יאַרמולקעס אויף זייערע קעפּ ביי דער אַרבעט.

שטייען יונגע וועבער צווישן די וועב-שטולן, צווישן די „קע-טעס". אַהין און צוריק באַוועגן זיך די פעדים אין די וועב-שטולן, די פלינקע וועבער וועבן, גיבן אַכטונג — און אַז מען אַרבעט זינגט מען אויך אַ ליד וועגן אַ נייער צייט וואָס וועט קומען, אַ בעסערע צייט פאַר אַלעמען, פאַר אַלע מענטשן, פאַר ייִדן און נישט-ייִדן.

עס איז דאַן געווען די צייט ווען דער צאַר האָט געהערשט איבערן לאַנד. מען האָט געוווסט, אַז די נייע צייט וועט אַליין נישט קומען. מען מוז פאַר דעם אַרבעטן, מען מוז פאַר דעם קעמפן.

מיר זיינען אַלע דאַן געווען יונג. מיר אַלע האָבן געקעמפט. מיר זיינען געווען גרייט אָוועקצוגעבן אונדזערע לעבנס.

אַרום דער שטאָט איז געווען אַ גרויסער וואַלד פון סאָסנע-ביימער, דאָרט זיינען געוואַקסן יאַגדעס און מאַלינעס. ווען איך בין נאָך געווען אַ קליינער ייִנגל, בין איך אַהין געגאַנגען מיט נאָך ייִנגלעך קלייבן שוואַרצע יאַגדעס און גרויסע, געשמאַקע רויטע מאַלינעס. איך פלעג זיי ברענגען אין שטוב און אָפּגעבן מיין מאַמען.

די מאַמע מיינע פלעגט די יאַגדעס באַשיטן מיט צוקער, קויפן אין מילך-קראָם אַ ביסל סמעטענע און אונדז דערלאַנגען צום טיש. עס איז געווען זייער געשמאַק. אַז מיר פלעגן אויפעסן, פלעגט זיך וועלן נאָך — אָבער „נאָך" איז נישט געווען.

אין אָט דעם וואַלד פלעגן דאַן, אין די צייטן פון צאַר, גיין די

יונגע אַרבעטער אויף געהיימע פאַרזאַמלונגען. מען פלעגט דאָרטן האַלטן רעדעס און זינגען פרייהייט-לידער. מען פלעגט דאָרטן צו־גרייטן שטרייקן און דעמאָנסטראַציעס.

די צאַרישע פּאָליציי האָט וועגן דעם נישט געטאָרט וויסן. זיין אַ קעמפער, אַ סאָציאַליסט, איז געווען פאַרבאָטן. פאַר דעם פלעגט מען זעצן אין טורמע און פאַרשיקן קיין סיביר.

פלעגט אַ מאָל טרעפן, אַז עס זיינען אַנגעלאָפן אין וואַלד פּאָ־ליציי-לייט, מיט ביקסן און רעוואָלווערן. אַנדערע פלעגן רייטן אויף פערד און פאָכען מיט לאַנגע, שאַרפע שווערדן. זיי פלעגן אַרום־רינגלען אונדזערע פאַרזאַמלונגען און אָנהייבן שיסן אויף אונדז.

מיר האָבן זיך נישט דערשראָקן. מיר האָבן זיך אַנטקעגנגע־שטעלט.

מיר זיינען געגאַנגען איבער ביאַליסטאָקער גאַסן אין גרויסע דעמאָנסטראַציעס קעגן דער פּאָליציי, קעגן צאַר, געטראָגן רויטע פענער.

— זאָל זיין גערעכטיקייט!

— זאָל זיין ברויט פאַר יעדן איינעם!

— זאָל זיין פרייהייט פאַר יעדן מענטשן!

— גלייכהייט!

אַזוי איז געווען ווען איך בין נאָך געווען זייער יונג. שפּעטער איז דאָס לעבן געוואָרן אַ ביסל פרייער. פּוילן איז געוואָרן אַן איי־גענע מלוכה.

מיר האָבן דאַן אין ביאַליסטאָק געבויט אַ סך גרויסע ייִדישע שולן, קינדער-גערטנער, גרויסע ייִדישע ביבליאָטעקן מיט אַ סך ביכער, שיינע כאָרן, וואָס האָבן געזונגען ייִדישע לידער. געווען אַרבעטער-פאַראיינען, קולטור-קלובן פאַר גרויס און קליין. געווען דאָרטן סאָציאַליסטן, בונדיסטן, ציוניסטן. געווען אַ גרויסע ייִדישע יוגנט. זי האָט געהאָפט, אַז אָט-אָט וועט קומען אַ בעסערע צייט. אַ צייט פון פרייהייט, פון ברידערלעכקייט.

אַזוי איז עס געווען — ביז עס איז אַראָפּגעקומען די וועלט מלחמה.



## די משפחה־היים אַנטקעגנאַיבער „אַנגערס באַרג״

אין דער דאָזיקער שטאָט ביאַליסטאָק, די שטאָט פון זייער אייגענער קינדהייט, זיינען עס איצט אָנגעקומען שיינע און ביילע מיט זייערע קינדער און האָבן געמיינט, אַז דאָרטן וועלן זיי זיך ראַטעווען. זיי זיינען צוגעקומען צום הויז, וואָס עס האָבן געבויט יאָרן פאַר דער מלחמה זייערע טאַטע־מאַמע — נאָסקע דער בלעכער און מאַשע־רייזל די „שנעלערקע״. און איצט האָט דאָרטן געוווינט זייער שוועסטער אסתר־צביה מיט איר מאַן מאָטל רובינשטיין — ביידע זיינען געווען ייִדישע לערער — און זייערע צוויי זין יוסף און רפאל.

לאָמיר זיך אַ ביסל באַקענען מיט דעם הויז און מיט דער גאַס, וווּהין עס זיינען געלאָפן שיינע און ביילע.

איך קען דאָס הויז זייער גוט, ווייל איך האָב דאָרטן געוווינט פיל יאָרן. מיינע עלטערן האָבן ביז זייער טויט געוווינט אין אַ הילצערנעם הויז. דאָרט בין איך אויסגעוואָקסן. אַהין, אין אָט דעם הויז, האָב איך געבראַכט אַן עופהלע אין ווינדעלעך — צו באַווייזן טאַטע־מאַמע מיין ערשט קינד, מיין זונדעלע.

געהייסן האָט די גאַס „אַלעיאָווע", כאָטש קיין אַלייע איז דאָרטן קיין מאָל נישט געווען. אַלעיאָווע גאַס נומער אַכט.

יידן האָבן געזאָגט:

— דאָס איז די גאַס אַנטקעגנאיבער דעם גרינעם באַרג

אָדער „אונגערס באַרג".

אונגערס האָט מסתמא געהייסן דער באַלעבאָס, צו וועמען דער באַרג האָט אַמאָל, אַמאָל געהערט.

וואָס איז דאָס געווען פאַר אַ באַרג?

אין דער אמתן איז עס נישט געווען קיין הויכער באַרג, נאָר אַ בערגל. אַ נישט-באַוווינטער באַרג אין מיטן שטאָט. דאָרט זיינען געווען, אין מיין צייט, הויכע ביימער, אויף וועלכע עס זיינען זומער געוואַקסן קאַשטאַנעס. מיר, יינגלעך, האָבן די קאַשטאַנעס אַראָפּגעריסן און זיך געשפּילט מיט זיי. ווינטער-צייט פלעגט דער באַרג ווערן פאַרשאָטן מיט שניי. ווען עס זיינען געוואָרן אויף אים גוטע גליטשן, בין איך, צוזאַמען מיט נאָך יינגלעך, געווען דאָרטן אַ גליטשער, זיך געוואָרפן מיט שניי.

פאַר וואָס איז דער באַרג געשטאַנען אַזאַ הפקרדיקער, אַ באַוואַקסענער מיט ווילדע גראָזן און קוסטעס? פאַר וואָס האָט מען אים נישט אויסגעגלייכט און דאָרט אויפגעבויט הייזער?

דעם באַרג האָט מען נישט געקענט פונאַנדערגראָבן, ווייל אונטערן באַרג — האָבן מען געזאָגט — ציִען זיך אונטערערדישע וועגן. די וועגן האָבן אַמאָל-אַמאָל געבויט פּוילישע קעניגן אָדער פירשטן. עס זיינען דאָרטן געווען לאַנגע פינצטערע טונעלן. מען האָט געשמועסט, אַז די טונעלן ציִען זיך אַזש אין שלאָס אַריין, צום פּאַלאַץ פון די פירשטן בראַניצקי, וואָס צו זיי האָט אַמאָל געהערט גאַנץ ביאַליסטאָק.

קיינער נוצט זיי מער נישט, די אַלטע טונעלן, די אונטערערדישע וועגן. די בראַניצקיס וווינען דאָך שוין מער נישט אין זייער פּאַלאַץ. אָבער מיר, די קינדער, האָבן געוווּסט ווו עס איז אין באַרג

דאָ די כמעט פאַרשאָטענע, חרובע עפענונג פון דעם פינצטערן טונעל.

אַריינגיין טיפער אין באַרג אויף די געהיימע וועגן איז געווען אַ מורא — בעסער אַרויסגיין צוריק אויף דרויסן, אויף דער זון! מיין מאַמע פלעגט שרייען אויף מיר פאַר וואָס איך פאַרקריך אי־נעווייניק אין באַרג אַריין, איך וועל זיך נאָך דאָרט פאַרבלאָנ־דזשען. מיין מאַמע האָט מער מורא געהאַט פאַר דער פינצטערניש אינעווייניק אין באַרג, ווי איך.

— אַ יִינגל זאָל גאָר נישט מורא האָבן! — פלעגט זי זיך וווּנדערן.

איך האָב טאַקע נישט מורא געהאַט. די יִינגלעך פלעגן זאָגן, אַז איך בין אַן איינשטעלער, אַ מזיק. פלעג איך אַריינקריכן אין דער שמאָלער עפענונג פון טונעל, קריכן אויף די קני, דערנאָך אָפ־גיין אַ פּאָר צענדליק טריט. אָבער וואָס ווייטער איך פלעג אַריינ־גיין — אַלץ פינצטערער פלעגט דאָרט ווערן. פלעגט מיר סוף כל סוף באַפאַלן אַ פחד און איך פלעג שנעל צוריקלויפן.



# בראַניצקים שלאָס

אויף דער אַנדערער זייט באַרג מיט די ביימער איז געווען אַ גרויסער גאָרטן. אין מיטן פון יענעם גאָרטן איז טאַקע געווען אַט יענער בראַניצקים פּאַלאַץ אָדער „בראַניצקים שלאָס". עס איז וויכטיק אַז איך זאָל וועגן אים דערציילן. מיר וועלן שפּעטער זיך דערוויסן פאַר וואָס.

דער שלאָס מיטן גרויסן גאָרטן איז געווען אַרומגעצאַמט מיט הויכע פּאַרקאַנעס. די פּאַרקאַנעס זיינען געווען רויט אָפּגעפאַרבט. קינדער האָט מען פאַרשטייט זיך נישט אַריינגעלאָזט אין גאָרטן און אין שלאָס. אַז אַ ייִנגל האָט געוואָלט אַריינקומען אין גאָרטן, האָט ער עס געקענט טאָן נאָר בגנבה — אָפּרוקן אַ ברעט פון פּאַרקאַן און אַריינקריכן.

אַ דרייסטער, אַ מזיק בין איך דאָך געווען. נו, האָב איך זיך דאָרטן איין מאָל אַריינגעגנבעט און אָנגעהויבן גיין טיפער אין גאָרטן. איך בין געגאַנגען אַזוי לאַנג, ביז איך בין צוגעקומען צו אַן אָרט, ווו איך האָב זיך געמוזט אָפּשטעלן, ווייל איך האָב מורא געהאַט וויטער גיין. איך בין געבליבן שטיין גלייך קעגנאיבער דעם פּאַלאַץ. עס איז געווען אַ לאַנגע, ווייסע שטיינערנע געביידע, הויכע, גרויע זיילן אַרום איר, אַ גרויסע סאַזשלקע אויפן סאַמע מיטן. אין וואַסער זיינען אַרומגעשווומען ווייסע קאַטשקעס און שוואַנען.

די פירשטן בראַניצקי האָבן שוין דאַן נישט געוווינט אין זייער פּאַלאַץ. זיי האָבן אים אוועקגעגעבן צו קאַטוילישע מאַנאַשקעס. איך האָב זיי דאָרטן געזען ארומגיין איבער די לאַנגע באַלקאָנען פון שלאָס. זיי זיינען געווען אַנגעטאָן אין לאַנגע ווייסע קליידער, ווייסע טיכער איבער זייערע קעפּ. גרויסע צלמים זיינען אראָפּ־געהאַנגען פון זייערע העלדזער. אַט האָט זיך געעפנט אין שלאָס אַ ברייטער טויער און עס זיינען ארויסגעקומען גלחים אין שוואַר־צע לאַנגע רעק. זיי זיינען געגאַנגען איינע נאָך די אַנדערע, גע־טראָגן צלמים און פענער מיט בילדער פון די קריסטלעכע הייליקע, און געמורמלט קריסטלעכע תפילות.

דעמאָלט האָב איך זיך זייער דערשראָקן און גענומען לויפן. איך האָב נישט געוווּסט ווו איך לויף — אַבי ארויסלויפן פון גלחישן פּאַלאַץ... איך דאַרף זיך ראַטעווען פון די גלחים!... גיכער, גיכער!...

ביים טויער פון פּאַלאַץ האָט מיך אַ גלח פאַרהאַלטן:

— וואָס לויפסטו עפּעס מיט אַלע כוחות? דו קענסט דאָך גאָר־נישט אָטעמען?

ער רופט מיך — און איך בין אין שרעק. אַנטלויפן! אַנטלויף, יינגל, ראַטעווע זיך, אַנטלויף!...

דער גלח האָט שוין נישט געקענט מיך פאַרהאַלטן. איך בין ווייטער געלאָפן, ארויסגעלאָפן פון פּאַלאַץ־גאָרטן, געלאָפן ביז צו אונדזער הויז.

דאָס איז געווען מיט פיל יאָרן צוריק. שפּעטער האָבן די גלחים און די מאַנאַשקעס פאַרלאָזן דעם פּאַלאַץ. דאָס איז געוואָרן דער פּאַלאַץ, ווו עס האָט געוווינט דער פּוילישער „וואָיעוואָדע", וואָס האָט באַלעבאַטעוועט מיט ביאַליסטאָק און מיט דער גאַנצער ארו־מיקער געגנט. אַלע וויכטיקע פּוילישע מלוכה־באַאַמטע האָבן זיך דאָרטן געפונען. אַלע באַפעלן פאַר דער שטאָט און פאַר הונדער־טער שטעטלעך ארום ביאַליסטאָק פלעגן ארויסגיין פון די צענד־ליקער צימערן פון בראַניצקיס שלאָס.

אַט שרייב איך די דאָזיקע שורות און מיין האַרץ וויינט אין

מיר. איך זע פאַר זיך דעם שלאָס, דעם באַרג, אונדזער הויז, דאָס געסל ווו איך האָב זיך געשפּילט. איך בין שפּעטער אַוועק אין אַנדערע שטעט, געוווינט אין אַנדערע הייזער. אָבער איך פלעג זיך שטענדיק אומקערן צוריק — צו מיין היים.

דעם לעצטן מאָל בין איך דאָרטן געווען אין יאָר 1945, שוין נאָך דער מלחמה, ווען ביאַליסטאָק איז געווען צעשטערט פון קריג און ווען די ייִדן זיינען שוין געווען טויט - דערהרגעט פון די נאַצישע רוצחים. איך האָב דאַן אַזוי פאַרשריבן אין אַ בוך:

„איך גיי, איך גיי אין דער ליידיקייט, טראָג פון גאַס צו גאַס מיין פאַרקלעמט געמיט, ביז די פיס פאַרטראָגן מיך צו דער „אַלייען-גאַס". איך שטיי פאַר אַ פוסט פעלד, וואָס האָט אַמאָל געהייסן „אַלייען-גאַס נומער אַכט". פון אַלע וועלט-וועגן, איבער וועלכע איך בין געגאַנגען, פלעג איך זיך שטענדיק אומקערן צו דעם געסל — צו מיין ערשטער היים, צו מיין מאַמע מאַשע-רייזל מיט די לאַנגע שוואַרצע האָר, צו דער ציג, וואָס האָט זיך געהאָדעװעט אין איר שטאַל, צו דעם קעלער, ווו עס זיינען געלעגן די עפּל, וואָס זי פלעגט דערלאַנגען צום טיש, מיט דעם וויין, איבער וועלכן דער טאַטע, עליו השלום, האָט קידוש געמאַכט.

„היינט בין איך שוין דאָ דאָס לעצטע מאָל. אָט דעם וויסטן באַרג מיט שניי, צוזאַמען מיטן שניידיקן ווינט, מעגן שוין צונעמען די גויִם..."



## דאָס הויז האָט זיך דערוואַרט

דאָן, אין 1939, איז נאָך ביאַליסטאָק פול געווען מיט צענדלי־קער טויזנטער ייִדן — די שטענדיקע איינוווינער און די פּליטים פון אַנדערע שטעט. און עס איז נאָך געשטאַנען אונדזער פאַמי־ליע־הויז.

צו אַט דעם הויז פון אונדזער משפּחה אין ביאַליסטאָק, אויף אַלעיאָווע גאַס, זיינען עס איצט אַנגעלאָפן פון דער ברענענדיקער שטאָט וואַרשע שיינע און ביילע מיט זייערע קינדער.

דאָס הויז האָט זיך דערוואַרט. נישט נאָר קען זיך אַ מאָל פרייען אַ לעבעדיקער מענטש, עס קען זיך אויך פרייען אַ הויז. עס האָבן זיך צעשיינט מיט זון זיינע פענצטער, ווען די קינדער זיינען צו אים צוגעקומען מיט זייערע קליינע פעקלעך אין די הענט.

מען האָט באַלד אין שטוב פונאַנדערגערוקט דעם טיש און אַלע האָבן זיך אַרומגעזעצט. יעדער איינער האָט געהאַט וואָס צו דערציילן. די רייד רייסן זיך פון אינעווייניק, זיי קענען נישט שווייגן. רעדט מען וועגן דעם וועג, מיט וועלכן מען איז געקומען. זיי האָבן דאָך געמוזט גנבענען די גרענעץ איבערן טייך בוג — זיי האָבן איינגעשטעלט און זיך געראַטעוועט, אַנגעקומען אַהערצו.

יאָרן פאַר דער מלחמה זיינען זיי, שיינע, אסתּר־צביה און ביי־

לע, געווען לערערינס אין די ייִדישע שולן. וואָס וועלן זיי איצט טאָן?
— מיר וועלן זיך אַן עצה געבן... — האָבן זיי געטראַכט אין זיך.
— זאָל מען נאָר זיין געזונט. מיר וועלן ווידער לערנען מיט ייִדי־שע קינדער!

עס קומען אַריין אין שטוב די צוויי ייִנגלעך, אסתר־צביהס קינ־דער, יוספקע און רפאל. ביים טיש פרייט מען זיך מיט די קינדער. קינדער האָבן פיינט מלחמה, ווילן זיי זיך טוליען צו אַלעמען. די ייִנגלעך דערציילן וואָס זיי האָבן געזען אין שטאָט. ס׳פאָרן אַן ייִדן מיט וועגענער פון אַלע געגנטן. מען קומט אַריין אין ביאַליסטאָק. אַ סך קומען אַן צו פוס, מידע, פאַרמאַטערטע. אָבער אַלע פרייען זיך וואָס היטלער מיט זיין אַרמיי איז דאָ נישטאָ. די קינדער דער־ציילן דאָס מיט שרעק. די מאַמעס טוליען זיי צו זיך און קושן זיי־ערע קעפּלעך.

אסתר־צביה זאָגט:

— איך וועל אייך זאָגן, וואָס אונדזער מאַמע וואָלט געזאָגט ווען זי וואָלט געווען אַ לעבעדיקע: „קינדערלעך, צוזאַמען וועט זיין בעסער. לאָמיר נאָר זיין מונטער!".

אַז מען דערמאָנט זיך ביים טיש אָן דער מאַמען, שטעלן זיך טרערן אין די אויגן.

חנהקע איז די עלטסטע צווישן די קינדער. איר געפעלן נישט די טרערן, דער טרויער. זאָגט זי הויך:

— אָן טרערן!



## די שטאָט־שול ברענט

דאָס איז געווען אין טיפן האַרבסט פון יאָר 1939. אין וואַרשע זיינען שוין דאַן געווען די דייטשן. אין ביאַליסטאָק זיינען נאָך דערווייל געווען די רוסן. די טרויעריקע ידיעות וועגן די נאַצישע רציחות אין וואַרשע און אין אַנדערע שטעט האָבן זיך דערטראָגן אויף דער אַנדערער זייט גרענעץ. ביאַליסטאָק איז געוואָרן אומרויִק.

שיינע,ביילע און אסתר־צביה האָבן געאַרבעט אַלס לערערינס אין די ייִדישע שולן.

די קינדער האָבן זיך ווייטער געלערנט.

אַזוי זיינען אַריבער אַנדערטהאַלבן יאָר — ביז דעם טרויעריקן טאָג פון 22סטן יוני 1941, ווען די דייטשן האָבן זיך ווידער אַ לאָז געטאָן מיט זייערע טאַנקן אויף מזרח. זיי זיינען געווען זייער שטאַרק. די רוסישע אַרמיי האָט געמוזט אַנטלויפן. אין אַ פּאָר וואָכן האָבן זיי פאַרנומען די הונדערטער שטעט און שטעטלעך פון פּוילן, וואָס זיינען ביז איצט געווען אין די רוסישע הענט און זיי זיינען געגאַנגען נאָך ווייטער אויף מזרח, ביז צו דער רוסישער הויפּטשטאָט מאָסקווע.

אין די שטעט און שטעטלעך, וועלכע זיי האָבן פאַרכאַפּט, האָבן געוווינט מיליאָנען ייִדן. די דייטשע אַרמיי איז געגאַנגען פאָרויס אַזוי שנעל, אַז בלויז זייער ווייניק ייִדן האָבן באַוויזן צו אַנטלויפן.

איינע פון די ערשטע שטעט, וואָס זיי האָבן פאַרכאַפּט, איז געווען ביאַליסטאָק.

עס איז געקומען דער פינצטערער טאָג פאַר די ייִדן.

אין סאַמע מיטן פון דעם ייִדישן טייל פון שטאָט איז געווען דער „שול-הויף". פון אַלע זייטן האָבן זיך צו אים געצויגן שמאָלע געסלעך, וווּ עס האָבן געוווינט ייִדישע משפּחות.

אין מיטן פון שול-הויף איז געשטאַנען אַ גרויסער און שיינער ווייסער בנין. דאָס איז געווען די גרויסע ביאַליסטאָקער שטאָט-שול. שבת פלעגן הונדערטער ייִדן קומען אַהין דאַווענען. זיי פלעגן אָנטאָן די טליתים און זייער פרום זיך שטעלן איבער די סידורים. און אין די יום-טוב-טעג איז די שול געווען געפּאַקט מיט מתפּללים.

דאָ אין דער גרויסער ווייסער שול האָט זיך צעפלאַקערט די דייטשע רציחה. די נאַצים האָבן ווי גזלנים זיך אַ לאָז געטאָן איבער די ייִדישע געסלעך. מיט געשלעג און קלעפּ, מיט ווילדע געשרייען, מיט ביקסן אין די הענט, מיט אָנגעלאָדענע רעוואָלווערן האָבן זיי אַריינגעטריבן אין דער גרויסער שטאָט-שול טויזנט ייִדן, יונג און אַלט. ווער עס איז נישט געגאַנגען, איז דערשאָסן געוואָרן אויפן אָרט.

דאַן האָבן זיי פאַרשלאָסן די טירן און **אונטערגעצונדן די שול**.

דאָס פייער האָט זיך צעפלאַקערט.

ייִדישע קינדער! איך ווייס, אַז איר זיינט נאָך צו יונג, צו שוואַך, צו צאַרט אויפצונעמען די פּרטים וועגן דער ביאַליסטאָקער שול וואָס האָט געברענט צוזאַמען מיט טויזנט ייִדן. וועל איך נאָר זאָגן, אַז פאַר מיר קומט כסדר דאָס גרויזאַמע בילד פאַר די אויגן. טויזנט גוטע, כשרע, ערלעכע, פרומע ייִדן, מיינע פריינד, מייזע חברים...

עס שרייען די ייִדן, וואָס זיינען אינעווייניק אין דער ברענענ־דיקער שול. עס שרייען ייִדן, וואָס זיינען געקומען צולויפן צו דער שול פון אַלע זייטן. מען ברענט ייִדן, מען מוז ראַטעווען!... דער געיאָמער טראָגט זיך ביז צו די הימלען. אָבער די דייטשע באַנ־דיטן לאָזן קיינעם נישט צו. זיי יאָגן, שלאָגן, שיסן אויף יעדן וואָס פּרובירט זיך דערנענטערן.

די שול האָט געברענט. עס האָט אויך געברענט דער אָרון קודש מיט די ספרי תורהס. די געשרייען האָבן זיך געריסן צו די הימלען. די געשרייען פון טויזנט ברענענדיקע ייִדן. די ייִדישע בערד זיינען פריִער געוואָרן צונטער־רויט, אַזוי ווי די פלאַמען. נאָך דעם זיינען זיי געוואָרן שוואַרץ ווי קויל.

די נאַצים, די דייטשן, זיינען געווען ווילד, די פאַרברענטע ייִדן אין דער שטאָט־שול זיינען פאַר זיי נישט געווען גענוג. צוויי וואָכן צייט האָבן זיי געשאָכטן, געברענט און פאַרענדיקט האָבן זיי מיט דער גרעסטער שחיטה פון זיי אַלע.

אויף אַ גרויסן פעלד הינטערן שטאָט, וואָס האָט געהייסן „פּיעטראַשע", האָט מען צונויפגעטריבן פינף טויזנט ייִדן, אַלטע און יונגע און קליינע קינדער. די דייטשן האָבן דאָס פעלד אַרומ־גערינגלט מיט מאַשין־געווער און גענומען שיסן.

געשאָסן און געשאָסן — ביז אַלע פינף טויזנט ייִדן זיינען געבליבן ליגן טויט.

דאָס איז געווען אין אַ פינצטערן שבתדיקן טאָג.



# די שבתדיקע

אַט די אַלע ייִדן, וואָס מען האָט אומגעבראַכט אין די ערשטע צוויי וואָכן, האָט מען דערנאָך אין ביאַליסטאָק גערופן:

**די שבתדיקע.**

אויך איצט, אַז מען פרעגט איינעם פון די געציילטע ייִדן, וואָס האָבן זיך געראַטעוועט פון ביאַליסטאָק:

— אפשר ווייסטו וואָס איז געוואָרן מיט מיין ברודער?

גיט ער אַ מאַך מיטן האַנט און ענטפערט:

— אַ שבתדיקער...

— ווען איז געשטאָרבן מיין טאַטע, מיין מאַמע?

— אַוועק מיט די שבתדיקע...

אויך די אלמנות און די אומגעבראַכטע און די יתומים האָט מען שפּעטער אַזוי גערופן:

— די שבתדיקע...

געדענקט די דאָזיקע צוויי ווערטער: „די שבתדיקע". זיי זיינען אַריין אין דער ייִדישער געשיכטע פון קדושה.

**די שבתדיקע.**

געוועזן אין ביאַליסטאָק אַן אַלטער ייִדישער שרייבער. ער האָט

געהייסן פסח קאַפּלאַן. איך האָב אים זייער גוט געקענט. ער איז געווען מיינער אַן אַלטער חבר. צוזאַמען האָבן מיר געקעמפט פאַר ייִדיש. מיר האָבן צוזאַמען געהאָלפן בויען די ערשטע ייִדישע שולן. פאַר דער מלחמה האָט ער פאַר די קינדער זייער שיין איבערגעזעצט אויף ייִדיש באַרימטע משלים פון גרויסע שרייבער פון אַנדערע פעלקער.

פסח קאַפּלאַן האָט אין געטאָ אָנגעשריבן אַ ליד וועגן די „שבת־דיקע" אַלמנות און יתומים, וואָס באַוויינען זייערע פאַרברענטע און דערשאָסענע מענער, טאַטעס און קינדער, וואָס גלייבן נישט, אַז זייערע נאָענטע וועלן טאַקע מער זיך נישט אומקערן צו זיי. עמעצער האָט צו דעם טרויעריקן ליד צוגעשריבן אַ נאָך מער טרויעריקע מעלאָדיע. גאַנץ ביאַליסטאָק, אַלע ייִדן האָבן געזונגען דאָס דאָזיקע ליד.

איצט זינגען עס ייִדן אויף דער גאַנצער וועלט. זיי זינגען און טרערן גיסן זיך.

אויך איר, קינדער, דאַרפט קענען דאָס ליד וועגן די הייליקע קדושים פון ביאַליסטאָק!

## רבקהלע די שבתדיקע

רבקהלע די שבתדיקע
אַרבעט אין פאַבריק.
דרייט צונויף אַ פאָדעם,
פלעכט צונויף אַ שטריק.

„אוי, דו געטאָ פינצטערע,
דויערסט שוין צו לאַנג,
און דאָס האַרץ אַזוי פאַרקלעמט
טוט אַזוי מיר באַנג!"

יעקב פאַט

איר געטרייער הערשעלע
איז אַוועק, נישטאָ
זינט פון יענעם שבת,
זינט פון יענער שעה.

איז פאַרטרויערט רבקהלע,
יאָמערט טאָג און נאַכט;
און אַצינד ביים רעדעלע
זיצט זי און זי טראַכט:

„ווּ איז איצט מיין ליבינקער,
לעבט ער כאָטש נאָך ווּ?
אפשר אין אַ קאַצעט־לאַגער
אַרבעט שווער אָן רוּ?"

אוי, ווי פינצטער איז אים דאָרט,
ביטער איז איר דאָ,
זינט פון יענעם שבת אָן,
זינט פון יענער שעה.



## אין יתומים־הויז

נאָך די גרויסע שחיטות זיינען אין ביאַליסטאָק געבליבן הונ־דערטער יידישע יתומים, קינדער אָן טאַטעס, אָן מאַמעס.

וואָס זאָל מען טאָן מיט די קינדער?

האָט מען זיי אַלע צונויפגענומען אין איין גרויסן הויז, מען האָט אַהין אַריינגעשטעלט קינדער־בעטלעך, געמאַכט אַ גרויסע קיך צו קאָכן עסן פאַר די קינדער. יונגע מיידלעך זיינען געקומען אַכ־טונג געבן אויף די קינדער, געגעבן זיי עסן, זיי געוואַשן, געהאָלפן זיי אָנטאָן, זיך געשפּילט מיט זיי.

אַ גרויסע יתומים־הויז אין מיטן פון ביאַליסטאָקער געטאָ.

אָנצופירן מיט דעם יתומים־הויז האָט מען באַשטימט שיינען.

זי, מיט איר מאַן און מיט די צוויי קינדער, האָבן פאַרלאָזט דאָס הויז, ווו די משפּחה האָט נאָך דאָן געוווינט, און איז אַוועק וווינען אין יתומים־הויז. זיי האָבן דאָרטן געהאַט איין קליינעם צימער. אין דער פרי פלעגט שיינעס מאַן, בנימין, אַוועקגיין אַר־בעטן. חנהקע האָט, אַזוי ווי איר באָבע מיט פופציק יאָר צוריק, געפונען אַרבעט אין אַ טעקסטיל־פאַבריק. מען פלעגט דאָרטן שטריקן וואַרעמע מלבושים. די יינגערע טאָכטער מיטקע איז דער־

ווייל פאַרבליבן מיט דער מאַמען און פלעגט מיטהעלפן אין יתומים־הויז.

ביי נאַכט פלעגן זיי זיך אַלע צוריק צונויפקומען אין דעם קליינעם צימערל.

שיינע איז געווען אַ גוטע לערערין, אַ געבענטשטע קינדער־גערטנערין. פאַר דער מלחמה האָט זי אין וואַרשע אָנגעפירט מיט דעם שענסטן קינדער־גאָרטן פון די ייִדישע שולן. זומער פלעגט זי אָנפירן מיט דעם קינדער־גאָרטן פאַר די ייִנגסטע קינדער אין דער „מעדעם־סאַנאַטאָריע", וווּהין עס פלעגן אַרויספאָרן די שוואַכע און קראַנקע ייִדישע קינדער פון פוילן.

זי האָט געהאַט אַ פאַרחלומטע נשמה פון אַ קינד. זי האָט אויך געהאַט אין זיך די פריילעכקייט פון אַ קינד.

זי האָט פאַרמאָגט אַ סך ליבשאַפט צו די קליינע, שוואַכע קינדער. אַ פרייד איז פאַר איר געווען — צו זיין צוזאַמען מיט די קינדער, שפּילן און שטיפן מיט זיי, לאַכן צוזאַמען מיט זיי.

בעתן שפּילן זיך מיט די קינדער, איז זי געוואָרן איינס מיט זיי, געזונגען צוזאַמען פאַנטאַזיעס, געחלומט צוזאַמען. אַ גוטע מאַמע און אַ גרויס קינד.

זי איז געזעסן אויף דער ערד אַרומגערינגלט מיט די קינדער. אַ גאָר קליין קינד פלעגט זי האַלטן ביי זיך אויפן שויס. דעמאָלט האָט מען אין אַלץ פאַרגעסן — אָן די נאַצישע מערדער אין דרויסן, אָן דעם הונגער, אָן דער ביטערער קעלט, וואָס איז געווען אין די צימערן פון יתומים־הויז.

אַרום איז געווען גוט, פריילעך.

שיינע מיט די קינדער!

זיי זיינען דעמאָלט געווען צוזאַמען אַ פריילעכע חבריא.

שיינע איז געווען אַ מייסטערין פון קינדער־שפּילן און קינדער־טענץ. זי האָט אַליין אויסגעטראַכט די מעשיות און די שפּילן. ווען זי פלעגט זיי דערציילן פאַר די קינדער, האָבן די מעשיות אויפגעלעבט און זיי האָבן אויך לעבעדיק געמאַכט די קינדער.

זי פלעגט זיי דערציילן אַ סך קאָמישע מעשיות וועגן פייגע־לעך און קעצעלעך. זי פלעגט אויסשפּילן די מעשיות מיט העוויות און גרימאַסן און דעמאָלט האָבן אַלע געלאַכט צוזאַמען.

עס האָבן געלאַכט די קעצעלעך, די מייזעלעך, די פייגעלעך — און צוזאַמען מיט זיי די קינדערלעך און די לערערין שיינע.

אָרום און אַרום זיינען ביטערע ליידן, הונגער און קעלט. אָבער אַז שיינע הייבט אָן זינגען אירע לידער, צעזינגען זיך אַלע, פריִער שטיל, נאָך דעם העכער, שטאַרקער. שיינע האָט דעמאָלט אַ גע־פיל, ווי זי וואָלט אָנגעפירט מיט אַ קאָנצערט פון אַ גרויסן קינ־דער־כאָר. עס לויכטן די אייגעלעך פון די קינדער, זיי צינדן זיך אָן — עס ווערט פון דעם געזאַנג ליכטיק אַרום. עס ווערט וואַרעם.

אַט זינגט מען אַ ליד וועגן אַ קליין ווייס ציגעלע:

דער טאַטע האָט אַ ציגעלע
פון ערגעץ ווו געבראַכט,
פאַר צוויי גילדוין אַ ציגעלע,
אַ ציגעלע גאָר אַ פּראַכט —

קיינער קען גאָרנישט אַזוי שיין, אַזוי געשמאַק זינגען, ווי שיינע מיט איר קינדער־כאָר!

און אָט ווערן גאָר בעת מעשה אַלע קינדער ציגעלעך, ווייסע ציגעלעך, לויפן אויף פיר פיסעלעך ווי ציגעלעך, מעקען ווי ציגע־לעך, די הענטעלעך ווערן אויך פיסעלעך. זיי זינגען אַלע צוזאַ־מען מיט שיינען:

פאַר צוויי גילדוין —
ווייסע ציגעלעך, ווייסע ציגעלעך, מיין קרוין...
געקויפט, געקויפט

אַזוי האָט שיינע געבראַכט פרייד און געלעכטער אין אומע־טיקן יידישן יתומים־הויז.

שיינע — אַ מאַמע פאַר פיר הונדערט יידישע יתומים.



# די ייִדישע שולן אין געטאָ

אַזוי פיל קינדער זיינען אַרומגעגאַנגען אויף די גאַסן פון געטאָ טרויעריקע און הונגעריקע. זיינען זיך צונויפגעקומען די לערער און באַשלאָסן: מיר מוזן ווידער עפענען די ייִדישע שולן און געפינען שפייז פאַר די קינדער.

אסתר-צביה און ביילע זיינען געווען מיט זיי.

זיי האָבן אויף ס׳ניי גענומען לערנען. קיין קלאַס-צימערן זיינען נישט געווען. קיין העפטן, ביכער און בלייפעדער פאַר אַלע קינדער זיינען אויך נישט געווען. מען פלעגט זיך אַריינשפּאַרן אין אַ צימערל, זיצן איינע לעבן די אַנדערע, צונויפגעדריקט, און הערן וואָס די לערערין דערציילט. מען פלעגט הערן און געדענקען.

אסתר-צביה האָט געקענט גוט דערציילן וועגן אַמאָליקע צייטן. זי פלעגט אויך הארציק זינגען. ביילע האָט געקענט חוץ זינגען אויך טאַנצן. די לערער פלעגן איר רופן „די לערערין די טענצערין".

וועט זי טאַנצן מיט די קינדער — אַזוי האָט זי צוזאַמען מיט אַלע לערער געהאָפט — ביז מען וועט איבערלעבן די דייטשע מערדער.

איין טאַנץ האָט זי אַ נאָמען געגעבן „דער פייער-טאַנץ". זי

האָט געטאַנצט און געפלאַמט ווי אַ פייער — רויטע טיכער האָט זי אַרויפגעוואָרפן אויף זיך און געפלאַטערט מיט זיי.

הינטער איר האָבן געטאַנצט דעם „פייער-טאַנץ" די קליינע קינדער.

אסתר-צביה אוןביילע און די אַנדערע יידישע לערער האָבן גוט געקענט דערציילן יידישע מעשהלעך, מעשיות וועגן דעם ווי יידן האָבן אַמאָל אויסגעהאַלטן די שווערסטע צייטן — און געבליבן לעבן. מעשיות פון מוט, פון העלדישקייט. פלעגן די קינדער זיצן, הערן און אויף אַ ווײַלע פאַרגעסן דעם הונגער.

דערנאָך פלעגט מען זינגען יידישע לידער.

איך בין אויך אַמאָל געווען אַ יידישער לערער. איך בין פיל מאָל געזעסן אין די קלאַסן, אין די שול-צימערן, ווו מען האָט געלערנט און געזונגען לידער מיט די קינדער. איך פלעג אַ מאָל אויך זינגען צוזאַמען מיט זיי. די לידער מיט זייערע ניגונים פלעגן זיך צעגיין איבערן האַרץ.

איצט האָבן די לערער מיט די קינדער געזונגען אַנדערע לידער, זייער טרויעריקע, וועגן געטאָ און די הויכע מויערן אַרום געטאָ וואָס פאַרשטעלן די זון. וועגן די דייטשן, וואָס הרגענען יידן. וועגן די יידן וואָס אַרבעטן ווי שקלאַפן פאַר די נאַצים. און וועגן טאַטעס, וואָס גייען אַוועק און קומען נישט צוריק.

די קינדער האָבן געבראַכט אין די שולן אַ ליד, וואָס מען פלעגט זינגען אין אַלע יידישע שטיבער. קיינער האָט נישט געוווּסט ווער עס האָט אָנגעשריבן דאָס ליד, אָבער אַלע האָבן עס געזונגען. מען האָט דאָס גערופן: „דאָס ליד פון ביאַליסטאָקער געטאָ".

אין ביאַליסטאָקער געטאָ איז דאָך, יידן, אַ געשריי,
אין ביאַליסטאָקער געטאָ, ווו דאָס האַרץ טוט אונדז וויי.

מיר זיצן און מיר קלערן:
וואָס וועט פון אונדז ווערן?

## יעקב פּאַט

**מען יאָגט אונדז און מען טרייבט אונדז פון דער גאַס — מיט דער לאַטע אויף דער לאַץ.**

דאָס האָבן זיי געמיינט די „געלע לאַטע", וואָס אַלע ייִדן האָבן געמוזט אָנטאָן אויף זייערע קליידער. אַזוי האָבן די דייטשן באַפוילן.

אַנדערע לידער זיינען געווען אַ ביסל מונטערער. אסתּר־צביה האָט געזונגען מיט די קינדער אַ ליד, אַז מ'וועט איבערלעבן די דייטשע מערדער. עמעצער האָט געבראַכט פון ערגעץ־ווו אַ ליד, וואָס עס האָבן געזונגען די ייִדישע קינדער פון ווילנער געטאָ:

**אונדזער ליד איז פול מיט טרויער,**
**דרייסט איז אונדזער מונטער־גאַנג,**
**כאָטש דער שונא וואַכט ביים טויער,**
**שטורעמט יוגנט מיט געזאַנג!**

פאַראַן אַ סך אַזעלכע לידער, וואָס מען האָט געזונגען אין די געטאָס. מען האָט געזונגען צוזאַמען, שטיל, אַז די דייטשן זאָלן נישט הערן. אַז מען האָט אַזוי געזונגען איז געוואָרן לייכטער אויפן האַרצן. מען האָט דעמאָלט שטאַרקער געגלייבט, אַז די שלעכטע צייטן וועלן פאַריבער און אַז היטלער וועט קריגן זיין מפּלה.

יעדעס ייִדיש קינד דאַרף קענען אָט די געטאָ־לידער. מען דאַרף זיי זינגען. זיי זיינען הייליקע לידער — הייליקע ווערטער און הייליקע ניגונים!

אין יעדן ייִדישן געטאָ־ליד און אין יעדן ייִדישן געטאָ־ניגון איז באַהאַלטן אַ גרויסער סוד.

ווער עס איז זוכה צו דעם, דערגייט אַליין אָט דעם סוד. דאָס איז דער סוד פון אייביקן לעבן.



## די געהיימע ביבליאָטעק אין געטאָ

פאַרניכטן יידישע ביכער, פאַרברענען זיי — דאָס האָבן די נאַציס אין געטאָ געטאָן מיט אַ באַזונדער רציחה. ביכער זיינען פאַר זיי געפערלעך — זיינען זיי געווען זיכער. טאָרן זיי נישט לאָזן קיין שפּור פון אַ יידישן בוך!

פריער זיינען געווען אין ביאַליסטאָק גרויסע יידישע ביבליאָטעקן. באַזונדערס באַרימט איז געווען די ביבליאָטעק, וואָס האָט געטראָגן דעם נאָמען פון שלום עליכם. דאָס איז געווען די גרעסטע יידישע ביבליאָטעק אין גאַנץ פּוילן! דער גרעסטער טייל פון די לייענער זיינען געווען קינדער און יונגע מענטשן. זיי פלעגן קומען אין ביבליאָטעק גלייך פון דער שול.

האָבן די נאַציס פאַרניכטעט די ביבליאָטעק. זיי האָבן די ביכער אַרויסגעוואָרפן אין דרויסן, באַגאָסן מיט נאַפט און אונטערגעצונדן. די ברענענדיקע ביכער, זייער פייער און רויך — דאָס האָט אויפגעבראַכט די יונגע לייענער.

אַ גרופּע יונגוואַרג האָט זיך גענומען אויפשטעלן געהיים אַ נייע יידישע ביבליאָטעק אין געטאָ, אויף פאַוועטשיזנע גאַס.

ווו זאָל מען נעמען ביכער אויף אויסצובאַרגן די לעזער? מען האָט נאָך דעמאָלט געקענט געפינען אַ ביסל ביכער אין פּריוואַטע

הייזער, אויף פּאָליצעס פון געוועזענע ביבליאָטעקן, פון אַ געוועזענעם ביכער־געשעפט.

האָט מען צונויפגעזאַמלט אַט די ביכער און זיי אַוועקגעטראָגן אין אַ קעלער. דאָרטן איז געווען די געהיימע ביבליאָטעק.

די לייענער פון די ביכער האָבן אָבער נישט געטאָרט קומען אין דער ביבליאָטעק אויסצובאָרגן די ביכער. דאָס קען זיין פאַר זיי געפערלעך. די נאַציס וואָלטן דאָס דערשמעקט. אפילו פאַר אַרויסגעבן צו לייענען אַ ייִדיש בוך וואָלטן זיי דערשאָסן! וועט מען דעריבער פאַרשרייבן אויף אַ שטיקל פּאַפּיר וואָס פאַרא ביכער דער לייענער וויל האָבן און מען וועט די ביכער אַוועקטראָגן צו אים אַהיים. אַ קליינע גרופּע שילער פון דער געוועזענער ייִדישער גימנאַזיע האָט זיך מיט דעם פאַרנומען. זיי האָבן דאָך געהאַט געלערנט אין דער ייִדישער שול ווי וויכטיק אַ ייִדיש בוך איז!

זיי האָבן גוט געוווּסט ווי געפערלעך די אַרבעט איז. זאָלן זיך די נאַציס דערוויסן וואָס זיי טוען — וועט זיין נאָר איין שטראָף: דערשיסן!

אָבער די יונגע מענטשן האָבן זיך נישט דערשראָקן. זיי האָבן אַזוי געזאָגט:

— די דייטשן קענען אונדז טאַקע פאַרשפּאַרן אין געטאָ; אָבער זיי קענען אונדז נישט פאַרווערן צו זיין ייִדן, צו לייענען ייִדישע ביכער!

רפאלקע, דער לערערין אסתר־צביהס ייִנגערער זון, איז געווען צווישן די אָנפירער פון דער געהיימער ביבליאָטעק־גרופּע. ער האָט אויסגעפונען די נייטיקע ביכער און פלעגט זיי פאַרזיכטיק באַזאָרגן צו די לעזער. שפּעטער האָט ער זיי צוריק צונויפגעזאַמלט, די ביכער. ער האָט זיך באַמיט צו דערוויסן, צו דער לייענער האָט טאַקע גוט איבערגעלייענט דאָס בוך, וואָס איז זיין מיינונג וועגן אים.

ווען ער האָט שטיל גערעדט צום לייענער, וועגן בוך, האָט ער אויסגעזען ווי אַ געהיימער פאַרשווערער. זיינע גרויסע, בולטע, קײלעכדיקע אויגן האָבן בשעת מעשה געגלאַנצט מיט דער שיינ־

פון אַ תּלמיד חכם. ער האָט שטענדיק געמערקט װען אַן אומבאַ־קאַנטער האָט אים נאָכגעקוקט, נאָכגעשפּירט. ער פּלעגט זיך גע־שיקט אַרױסדרײען. ער פּלעגט שנעל פאַרשװינדן צװישן די קלײ־נע, קרומע געסלעך פון געטאָ, אין די לאַנגע הױפן.

— נעם אַ ייִדיש בוך און לײען אים, אָבער כאַפּ נישט — פּלעגט דער קלײנער רעדן צו די אַלטע, דערװאַקסענע לײענער. ער פּלעגט זײ דאָס אָנזאָגן זײער ערנסט, װי אַ שליח־מצװה.

מיט מײן מאַמען האָט ער װײניק גערעדט װעגן דעם. „מען דאַרף נישט פאַרלירן!״ — האָט זי דאָך אים פיל מאָל שטרענג אָנגעזאָגט.

זי האָט אָבער געװוּסט װאָס ער טוט, װי אַזױ ער פירט די מלחמה מיט די נאַצים פאַרן ייִדישן בוך. זי האָט גוט געמערקט װי איר קלײנער זון איז גליקלעך װען אים געלינגט צו ברענגען פאַר די לײענער די ריכטיקע ביכער.

— מאַמע, עס װעט גוט זײַן!

— עס װעט זײַן, מײַן זון. הלװאַי!



## די אונטערערדישע אָרגאַניזאַציע ווערט געשאַפן!

גיי אָבער זינג און טאַנץ, גיי פאַרנעם זיך מיט לייענען ביכער, ווען יעדן טאָג קומען אָן פון די אַרומיקע שטעט און שטעטלעך אַזעלכע טרויעריקע ידיעות וועגן שחיטות איבער ייִדן! אין ביאַ־ליסטאָק איז נאָך דערווייל נישט אַזוי שלעכט ווי אין די אַנדערע שטעט; מען מוז דאָך אָבער טראַכטן וואָס וועט מען טאָן ווען זיי וועלן אָנהייבן די רציחה אויך דאָ אין שטאָט. ווי גרייט מען זיך פאַר דער שעה? מען טאָר זיך דאָך נישט לאָזן, מען מוז זיך דאָך שטעלן אַנטקעגן!

דאָס וועט מען אָבער נישט קענען טאָן מיט ליידיקע הענט. מען מוז האָבן געווער און מען מוז זיך לערנען ווי אַזוי עס צו נוצן.

ווּ קען מען אָבער קריגן געווער?

עס הערן זיך פאַרשיידענע קלאַנגען. ביאַליסטאָק ליגט אויפן מיטן וועג צווישן די צוויי גרויסע שטעט וואַרשע און ווילנע. עס לויפן פאַרביי געהיימע שליחים — קורירן מיט קורצע ידיעות. זיי שטעלן זיך אָפּ אויף אַ טאָג־צוויי אין ביאַליסטאָק און זיי דערציילן וואָס עס קומט פאָר אין יענע שטעט.

עס קומט אָן פון ווילנע חיהקע גראָסמאַן. זי איז אַ באַרימטע קורירן פון דער ייִדישער ווידערשטאַנד־באַוועגונג. זי שרעקט זיך

נישט פאַרן דייטשן פאַרבאָט און פאָרט פון איין שטאָט אין דער צווייטער. איצט האָט די אונטערערדישע באַוועגונג באַשטימט, אַז זי זאָל פאַרבלייבן אין ביאַליסטאָק. מען דאַרף דאָ אויך אָרגאַניזירן די יוגנט. חיהקע גיט איבער טרויעריקע ידיעות וועגן פאָנאַר הינ־טער ווילנע, ווו ייִדן ווערן אויסגעהרגעט. זי דערציילט אויך וועגן דער פאַראייניקטער ייִדישער פּאַרטיזאַנער אָרגאַניזאַציע אין וויל־נע און וועגן דער ייִדישער קאַמף־אָרגאַניזאַציע אין וואַרשע.

חיהקע גראָסמאַן איז איינע פון די גאָר ווייניקע, וואָס איז גע־בליבן לעבן. זי איז אַ גרויסע העלדין. זי איז געווען אַ נאָענטע חברטע פון מיין שוועסטער שיינע און פון איר טאָכטער חנהקע. זי האָט נאָך דער מלחמה אָנגעשריבן אַ בוך וועגן דעם, ווי אַזוי די ייִדן פון ביאַליסטאָק האָבן געלעבט און געקעמפט. אין דעם בוך האָט זי אַ סך געשריבן וועגן שיינען און חנהקען. אַז איך האָב זי געטראָפן, האָט זי מיר אַ סך דערציילט וועגן זיי. איך בין געזעסן און געהערט און אָפט געוויינט. „אייער שוועסטער און איר טאָכ־טער חנהקע זיינען מיר געווען נאָענט״ — האָט זי מיר לעצטנס געשריבן פון קיבוץ עברון אין מדינת ישראל, ווו זי וווינט איצט — „און ווען איך האָב געשריבן מיין בוך, האָב איך זיי געשיל־דערט מיט אַ שטיק אייגן האַרץ״.

איצט דערצייל איך דאָס, וואָס זי האָט וועגן זיי געשריבן און דערציילט און וואָס אויך אַנדערע האָבן וועגן זיי געשריבן און דערציילט.

אַ ביסל שפּעטער איז פון וואַרשע אָנגעקומען אַ צווייטער וויכ־טיקער אָנפירער — מרדכי טענענבוים. ער איז געווען אַ פירער פון „החלוץ״. ער איז געווען אַן אָנפירער פון דער אונטערערדישער באַוועגונג. אין זיין צימערל אין וואַרשע איז עס פאָרגעקומען די ערשטע פאַרזאַמלונג, ווו מען האָט אָנגעהויבן צו ריידן וועגן דעם, אַז די יונגע ייִדן זאָלן זיך פאַראייניקן און שטעלן אַ ווידערשטאַנד די דייטשן. שפּעטער איז פון דעם אַרויסגעקומען דער באַרימטער גרויסער וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד.

טענענבוימס געהיימער נאָמען איז געווען „טאַמאַראָף". אַזוי האָט מען אים געקענט אין די פאַרשיידענע געטאָס, ווו ער פלעגט זיך באַווייזן ווי אַ שליח פון דער ייִדישער געהיימער ווידערשטאַנד־אָרגאַניזאַציע.

איצט האָט מען אים געשיקט קיין ביאַליסטאָק, אַז ער זאָל דאָרטן אָרגאַניזירן דעם ייִדישן ווידערשטאַנד.

פאַרגעדענקט זיך דעם נאָמען פון מרדכי טענענבוים! ער איז געווען איינער פון די גרעסטע ייִדישע העלדן פון אונדזער צייט. ער איז שפּעטער געוואָרן דער פירער פון אויפשטאַנד פון די ביאַ־ליסטאָקער ייִדן קעגן די דייטשן און ער איז געפאַלן ווי אַ קדוש.

ער איז געקומען קיין ביאַליסטאָק און ער האָט דערציילט, ווי די דייטשן פירן אַרויס די ייִדן פון וואַרשע קיין טרעבלינקאַ און זיי ברענגען זיי דאָרטן אום אין די גאַז־קאַמערן. ער האָט אָבער אויך דערציילט, ווי די ייִדישע יוגנט גרייט זיך שוין צו שטעלן אַ ווידערשטאַנד די דייטשן.

אַז זיי האָבן געהערט די נייעס פון די אַנדערע שטעט, האָבן זיך צונויפגענומען יונגע ייִדן פון דער שטאָט ביאַליסטאָק און זיי האָבן אויך געשאַפן געהיים אַן אונטערערדישע קאַמף־אָרגאַניזאַציע — מען זאָל זיין גרייט זיך אַנטקעגנצושטעלן די רוצחים, די נאַצים.

**וואָס הייסט עס אַן „אונטערערדישע אָרגאַניזאַציע"?**

פאַר דער מלחמה זיינען אין יעדער שטאָט אין פּוילן געווען אַ סך אָרגאַניזאַציעס פון ייִדישע קינדער און יוגנטלעכע, מיידלעך און בחורים. טייל זיינען געווען יונגע בונדיסטן; זייערע אָרגאַני־זאַציעס האָבן געהייסן דער „סאָציאַליסטישער קינדער פאַרבאַנד" און דער יוגנט־בונד „צוקונפט". אַנדערע זיינען געווען ציוניסטן און האָבן זיך געגרייט פאָרן קיין ארץ ישראל און דאָרט אויפבויען אַ ייִדיש לאַנד. זייערע אָרגאַניזאַציעס האָבן געהייסן „החלוץ", „השומר הצעיר", „דרור", „יונגע באָראָכאָוויסטן", „ביתר". געווען נאָך אַנ־דערע ייִדישע יוגנט־גרופּעס.

איצט, אין־די געטאָס, האָבן די מיטגלידער פון די דאָזיקע

אָרגאַניזאַציעס נישט געקענט מער האָבן זייערע פאַרזאַמלונגען. האָבן זיי עס געטאָן געהיים. קיינער האָט נישט געטאָרט וויסן ווער עס געהערט צו אַן אָרגאַניזאַציע. אַז די נאַציס וואָלטן זיך וועגן דעם דערוווּסט, וואָלטן זיי אַלע יונגע מיטגלידער אויסגעהרגעט, אָן שום רחמנות, קיינער האָט נישט געטאָרט אויסזאָגן ווער עס זיינען די פירער פון דער אָרגאַניזאַציע. מען האָט געמוזט האַלטן בסוד וואָס מען טוט און ווו מען קומט זיך צונויף.

ביי נאַכט פלעגט מען זיך צונויפקלייבן אין קליינע גרופּעס — נישט מער ווי צו פינף־זעקס מענטשן פּאַר אַ מאָל. מען פלעגט פאַרהענגען די פענצטער, אַז קיינער פון דרויסן זאָל נישט קענען זען.

עס איז געווען אַזוי ווי די גאַנצע אַרבעט וואָלט געפירט גע־וואָרן אונטער דער ערד און דעריבער האָט עס געהייסן:

די אונטערערדישע באַוועגונג.

וועגן וואָס פלעגט מען רעדן אויף די געהיימע פאַרזאַמלונגען?

וואָס קומט פאָר אויף דער וועלט?

וואָס קומט פאָר מיט די ייִדן?

ווי אַזוי העלפט מען זיך איינע די אַנדערע אַרויס?

ווו נעמט מען שפּייז פאַר די הונגעריקע?

ווי אַזוי שטאַרקט מען דעם מוט ביי די ייִדן, אַז זיי זאָלן נישט ווערן פאַרצווייפלט פון די צרות?

אָבער דער עיקר:

ווי אַזוי גרייט מען זיך צו צו קעמפן מיט די נאַציס, אויב זיי וועלן ווייטער נעמען אויסשעכטן די ייִדן?

„אַז מען גרייט זיך צום קאַמף" — פלעגן זאָגן שיינע און אסתר־צביה — „איז שוין דאָס אויך אַ קאַמף; מען קען לייכטער איבערטראָגן די שרעקלעכע טעג!"

זיי און זייערע קינדער זיינען געווען מיטגלידער פון דער אונ־טערערדישער אָרגאַניזאַציע.

אַז מיר לייענען איצט וואָס מען שרייבט וועגן די העלדיש־

קייטן פון די מיטגלידער פון די ייִדישע אונטערערדישע באַוועגונ־
גען — הייבט זיך אונדז אָן דוכטן, אַז דאָס איז גאָר נישט מעגלעך.
עס איז שווער צו גלייבן.

קען אַ ייִדישע פרוי זיין אַזוי אומדערשראָקן, אַז זי זאָל אין
גאַנצן קיין מורא נישט האָבן פאַר די שונאים? קען אַ יונגע און
שוואַכע מיידל נישט נאָר נישט מורא האָבן, נאָר זי זאָל אויסהאַלטן
אַלע פייניקונגען ביזן סוף פון איר לעבן — און נישט פאַרלירן
איר מוט?

יאָ, עס איז פולער אמת!

הונדערטער זיינען זיי געווען, די העלדן. טייל נעמען קענען
מיר. אַנדערע גרויסע העלדן און קדושים זיינען פאַרבליבן אויף
שטענדיק אומבאַקאַנט. אַז איך לייען וועגן זייער גבורה האָב איך
אַ געפיל, אַז איך ברען אין גאַנצן, אַז עס נעמט מיך אַרום זייער
פלאַם פון קדושה.

הייליקע יונגע ייִדישע קדושים! מיינע אייגענע שוועסטער און
זייערע קינדער! איר האָט געקענט דערגרייכן צו אַזאַ הייך נאָר
מיטן כוח פון אונדזער גרויסער און אייביקער געשיכטע. אַ ברכה
פון אַ הייליקער שליחות איז געקומען אויף אייך!

זאָל זיין געבענטשט אויף אייביק דער אָנדענק פון די קדושים
און גבורים!



## מען מוז וויסן וואָס עס קומט פאַר אויף דער וועלט

די ערשטע זאַך איז געווען: זיך דערוויסן וואָס עס קומט פאַר אויף דער וועלט.

די דייטשן האָבן צונויפגעטריבן די צענדליקער טויזנטער ייִדן פון ביאַליסטאָק אין אַ פּאָר געסלעך און אַרום די געסלעך אויפגע־בויט אַ הויכע וואַנט. זיי האָבן געמאַכט פאַר די ייִדן אַ געטאָ. די ייִדן זיינען פאַרשפאַרט געוואָרן אין געטאָ און די געטאָ איז אָפּ־געשיידט געוואָרן פון דער וועלט.

זיי האָבן אויסגעקליבן זייערע ערגסטע רוצחים, באַנדיטן און זיי געמאַכט פאַר די באַלעבאַטים פון געטאָ. פון בערלין האָט מען זיי געשיקט און מען האָט זיי אָנגעזאָגט ווי אַזוי זיי זאָלן פּייניקן די ייִדן און סוף כל סוף אַלע אויסשעכטן.

לאָמיר געדענקען די נעמען פון די נאַצי־רוצחים פון ביאַליס־טאָק. איך וועל אויסרעכענען כאָטש איניקע.

דער ערשטער האָט געהייסן עריך קאָך. ער איז געווען אַ גע־הילף פון אַדאָלף היטלער אַליין. אין זיין האַנט האָט היטלער אי־בערגעגעבן די גאַנצע שטאָט ביאַליסטאָק, אַלע אַרומיקע שטעט מיט זייערע ייִדן. דאָס איז געווען דער זעלבער עריך קאָך, וואָס האָט אין באַבי יאַר ביי קיִעוו אויסגעהרגעט הונדערט צוואַנציק טויזנט ייִדן.

דער צווייטער איז געווען אַ נאַצי מיטן נאָמען קאַנאַריס. ער

איז אין ביאַליסטאָק און אין אַ סך אַנדערע ערטער געווען דער האַר איבערן לעבן און טויט פון די ייִדן.

צו די צווייִ איז צוגעקומען אַ דריטער — גוסטאַוו פרידעל (שוואַרץ). ער איז געווען דער ערגסטער. ער האָט געהאַט נאָר איין אַרבעט: פייניקן די ייִדן פון ביאַליסטאָק. ער איז געווען דער באַלעבאָס פון געטאָ.

דאָס איז געווען אַן אמתע בלוטדורשטיקע חיה. ער האָט זיך נישט פאַרלאָזט אויף אַנדערע. ער האָט אַליין געוואָלט זיין דער מערדער. ער פלעגט אַריינקומען אין געטאָ שמייסן ייִדן מיט אַ נאַגייקע. טאָמער פלעגן זיי דאַרפן שיסן אַ מחנה ייִדן — פלעגט ער קומען און אָנפירן מיט דער שיסערייִ. ער פלעגט געבן דעם סיגנאַל צום שיסן און פלעגט אַליין געבן דעם ערשטן שאָס. אַ באַזונדער פאַרגעניגן האָט ער געהאַט צו שיסן קליינע קינדער אָדער אַלטע קראַנקע מענטשן.

ער האָט באַפוילן: אָפּשליסן די געטאָ! די ייִדן טאָרן נישט וויסן וואָס עס קומט פאָר אויף דער וועלט!

די ייִדן האָבן דאָס אָבער יאָ געמוזט וויסן. ווי האַלט עס מיט דער מלחמה? צו קעמפט עמעצער מיט די נאַציס? צו שלאָגט זיך נאָך רוסלאַנד און ענגלאַנד מיט די דייטשן? וואָס טוט אַמעריקע?

זיי האָבן דאָס געמוזט וויסן, וואָרעם אויב נישט, אויב די דייטשן האָבן שוין אַלץ פאַרכאַפּט — איז דאָך שוין דער ייִדישער גורל אַ פאַרשפּילטער.

אָבער אויב די מלחמה גייט נאָך אָן — איז נאָך דאָ אַ האָפענונג! מען דאַרף נאָר אויסהאַלטן!

יעדע מפּלה, וואָס די דייטשן קריגן, גיט אַריין אַ נייע נשמה אין די ליידנדע ייִדן.

די דייטשן האָבן פאַרבאָטן, אַז די ייִדן זאָלן קריגן ציַיטונגען. אַפילו קיין דייטשע צייטונגען האָבן זיי נישט געטאָרט האָבן. זיי האָבן צוגענומען ביי די ייִדן אַלע ראַדיאָס.

— אויב מען וועט געפינען ביי אַ ייִדן אַ ראַדיאָ וועט מען אים דערשיסן אויפן אָרט — האָבן זיי אָנגעזאָגט.

די אונטערערדישע אָרגאַניזאַציע האָט אָבער געמוזט וויסן וואָס עס טוט זיך אויף דער וועלט, ווו עס קומען פאָר די שלאַכטן, ווער עס געווינט און ווער עס פאַרשפּילט.

די יונגע מענטשן האָבן זיך נישט געשראָקן פאַר די דייטשע טויט-שטראָפן.

— סיי ווי שיסט מען אונדז — פלעגן זיי זאָגן — זאָל כאָטש זיין פאַרוואָס!

זיי האָבן באַשלאָסן צו מאַכן אַ געהיימען ראַדיאָ און זיך דער־וויסן די אמתע נייעס, נישט די פאַלשע נייעס וועגן די כסדרדיקע דייטשע זיגן, וואָס די נאַציס גיבן יעדן טאָג איבער דורך אַ גרויסן הילכער. זיי מוזן הערן וואָס עס זאָגט לאָנדאָן און מאָסקווע, וואָס עס זאָגט דער געהיימער אַנטי־נאַצישער פּוילישער ראַדיאָ, וואָס עס קומט פאָר אויף דער וועלט.

ביי אָט דער געפערלעכער זאַך האָט אַ וויכטיקע אַרבעט באַ־קומען יוספקע, דער עלטערער זון פון מיין שוועסטער, דער לערע־רין אסתר־צביה.



## יוספקע — דער טרייסטער פון געטאָ

יוספקע איז געווען זייער אַ פּעיִקער. זיינע לערער האָבן געזאָגט, אַז ער האָט אַ „גאונישן קאָפּ". גרויסע אויגן זיינען טיף געזעסן אין זיין קאָפּ. זיין שטערן איז געווען אַ הויכער, אַ ליכטיקער. דער שטערן הויך און ווייס, דער קאָפּ שוואַרץ. יוסף האָט גערעדט שטיל און לאַנגזאַם. ער איז נאָך געווען יונג און דאָך זייער דערוואַקסן, ווי אַ למדן וואָס זיצט איבער אַ ספר און לערנט.

ער האָט געהאַט הענט, וואָס האָבן ליב געהאַט צו מייסטרעווען. פאַר דער מלחמה האָט ער אַליין געהאַט אויסגעמייסטרעוועט פאַר זיך אַ גרויסן ראַדיאָ־אַפּאַראַט. דער אַפּאַראַט האָט גוט געאַרבעט.

אין דער מלחמה־צייט האָב איך נישט געהערט וועגן אים. וויפל איך האָב נישט געזוכט צו הערן אַ וואָרט וועגן יוספקען — איז דאָס מיר נישט געלונגען. נישטאָ פון אים קיין קלאַנג.

די מלחמה איז געקומען צו איר סוף און איך האָב אַלץ גאָר־נישט געהערט וועגן יוספקען. פאַרשוווּנדן אָן אַ שפּור...

איך האָב אָבער נישט אויפגעהערט צו האָפן, אַז איך וועל

נאָך הערן פון אים אָדער וועגן אים. איך האָב געשריבן בריוו צו מענטשן וואָס זיינען לעבן געבליבן, וואָס זיינען אַרויס פון פּוילן, אַוועק אין אַנדערע לענדער. איך האָב זיך נאָכגעפרעגט אויף יוספקען, אויף די אַנדערע מיטגלידער פון מיין משפחה. אָבער קיינער ענטפערט נישט, קיינער זאָגט מיר גאָרנישט.

איך האָב פאַרשטאַנען, אַז ער לעבט נישט מער. איך האָב דאָך נישט אויפגעגעבן די האָפענונג עפּעס צו הערן וועגן אים, עפּעס געוואָר צו ווערן.

און איך האָב זיך דערוואַרט.

***

איין מאָל האָט דער פּאָסט־טרעגער געבראַכט צו מיר אַ בריוו פון אויסלאַנד — פון דער שטאָט מילאַן אין איטאַליע. דעם בריוו האָט צו מיר געשריבן איינער אהרן געלטשינסקי, וואָס איז געווען צווישן די זעלטענע לעבן־געבליבענע ייִדן פון ביאַליסטאָק.

אַהרן איז אַמאָל געווען מיינער אַ שילער. ער איז געווען אַ יתום און זיך געהאָדעוועט אין ייִדישן יתומים־הויז אויף יוראָזשער גאַס נומער זיבעצן.

אַז ער איז אויסגעוואַקסן איז ער געוואָרן אַ שוסטער.

אין דער צייט פון דער מלחמה איז ער געווען פאַרשפּאַרט אין ביאַליסטאָקער געטאָ. ער האָט דאָרט געעפנט אין אַ קעלער אַ שוסטער־וואַרשטאַטל, פאַרריכט צעריסענע שיך און פאַרדינט אַ שטיקל ברויט.

ער איז אויך געווען אַ מיטגליד אין דער געהיימער אונטערערדישער אָרגאַניזאַציע.

אָט אין זיין שוסטער־וואַרשטאַטל אין קעלער איז דאָס געווען פאַרשטעקט אַ ראַדיאָ־אַפּאַראַט, אויף וועלכן מען פלעגט הערן נייעס פון אויסלאַנד, פאַרצייכענען אויף פּאַפּיר. שפּעטער פלעגט דער קוריער פון דער אונטערערדישער אָרגאַניזאַציע עס אָוועקטראָגן וווּהין מען האָט געדאַרפט.

דער קוריער פון דער אונטערערדישער אָרגאַניזאַציע איז גע־וועזן יוספּקע — דער זון פון דער לערערין אסתר.

„איך האָב גוט געקענט יוספּקען, דעם זון פון דער לערערין אסתר־צביה" — האָט אַהרן געשריבן אין זיין בריוו פון איטאַליע — „וועל איך אייך אַ ביסל דערציילן וועגן אים. איר זיינט דאָך געווען זיינער אַ פעטער. אייער יוספּקע איז געווען אַ ייִדיש קינד מיט אַ גאונישן קאָפּ. ער איז געווען אַן עלעקטראָניקער און ער פלעגט מייסטרעווען איבער דעם ראַדיאָ. ער איז געווען אַ תלמיד פון דער ביאַליסטאָקער ייִדישער גימנאַזיע."

אַזוי האָט געשריבן דער אָפּגעראַטעוועטער געטאָ־קעמפער געלטשינסקי.

יוספּקע האָט זיך צוגעהערט צו די נייעס וואָס קומען פון דער ראַדיאָ. ער האָט געהערט נישט נאָר פאַר זיך, ער האָט עס איבער־געגעבן זיינע חברים. מען פלעגט זיך שטעלן פאַרנאַכט ביים פאַר־קאַן פון אַ הויז אין געטאָ און אויסהערן וואָס יוספּקע פלעגט דער־ציילן.

— דערצייל, דערצייל, יוספּקע — פלעגט מען זיך בעטן ביי אים. — דערצייל מער. דו זעצט אַריין אין אונדז אַ נייע נשמה!

און יוספּקע פלעגט דערציילן ווי די אַליִירטע גיבן די נאַציס די ריכטיקע קלעפּ, ווי זיי וואַרפן באָמבעס אויף דייטשע שטעט; ווי זיי שלאָגן די דייטשן אין סטאַלינגראַד; ווי זיי יאָגן זיי פון צפון־אַפריקע; ווי די אונטערערדישע באַוועגונג אין גאַנץ אייראָפּע מאַכט אַן שרעקלעכע צרות די נאַציס; ווי רוזוועלט, דער פּרעזי־דענט פון אַמעריקע, זאָגט די אונטערדריקטע פעלקער צו האָבן מוט: באַלד־באַלד וועלן די מעכטיקע אַרמייען פון דער גרויסער אַמעריקע קומען זיי באַפרייען.

דאָס אַלץ פלעגט ער הערן אויפן געהיימען ראַדיאָ.

— רייד שטיל, יוספּקע, די נאַציס זאָלן נישט הערן — האָט אים אָנגעזאָגט זיין מאַמע.

נאָר זיי אַ בריה און רעד אין דער שטיל, ווען עס פלאַמען אַלע גלידער פון די גוטע נייעס און אַט־אַט שפּרינגט דאָס האַרץ אַרויס!

אָבער די דייטשן טאָרן דאָך נישט וויסן, אַז עס איז פאַראַן אַ געהיימע ראַדיאָ — פלעגט ער זיך כאַפּן און דאָך גערעדט שטילער.

— דערצייל, יוספּקע — פלעגן זיך בעטן ביי אים די מענטשן ביים פאַרקאָן. — מיר הערן אַפילו ווען דו שעפּטשעסט.

„דאַרפט איר דאָס וויסן" — שרייבט צו מיר ווייטער אין זיין בריוו דער שוסטער אַהרן געלטשינסקי — „אין ביאַליסטאָקער געטאָ האָבן די דייטשן אויפגעשטעלט אַ ראַדיאָ־אָפּהילכער, דורך וועלכן מען פלעגט איין מאָל אַ טאָג איבערגעבן די נייעס פון דייטשן ראַדיאָ. פלעגן זיך אַרום ראַדיאָ־אָפּהילכער צונויפקלייבן געטאָ־ייִדן. אין מיטן צווישן עולם איז אַלע מאָל געשטאַנען יוספּקע"

די ייִדן שטייען און שלינגען די נייעס. אפשר וועט מען קענען עפּעס אַרויסכאַפּן אַ וואָרט אמת פון די פאַלשע דייטשע נייעס־באַריכטן?

רעדט מען אָבער דייטש, אַ שווערן דייטש. דער ראַדיאָ־דערציילער רופט אָן נעמען פון שטעט, פון דערפער, ביי וועלכע עס קומען פאַר שלאַכטן. שטעט אין ווייטע און פרעמדע לענדער. די צוהערער פאַרשטייען זייער ווייניק. גיי וויס, וווּ די שטעט ליגן, ווי ווייט זיי זיינען פון ביאַליסטאָק! צי גייען זיי, די דייטשן, פאָרויס — צי מען טרייבט זיי שוין אויף צוריק?

און מען וויל דאָך זייער וויסן!

און דערצו זאָגן דאָך די דייטשן ליגנס אויף זייער ראַדיאָ. וועגן זייערע מפּלות דערציילן זיי גאָרנישט. זיי רעדן נאָר וועגן נצחונות. זיי ווילן דאָך אָפּנאַרן דעם עולם!

די נייגעריקע ייִדן פלעגן מאַכן אָן אָרט אין סאַמע מיטן פאַר יוספּקען, וואָס האָט געהאַט אין זיין קאָפּ די גאַנצע וועלט־קאַרטע. ער האָט אַליין פאַרשטאַנען, שנעל פאַרצייכנט. דערנאָך פלעגט ער עס אויסטייטשן פאַרן עולם אַרום זיך. ער איז געווען דער ראַדיאָ־

קאָמענדאַנטאַר פון געטאָ. און אַז ער פלעגט דאָס אַלץ אויסטייטשן פלעגט אַלץ ווערן נישט נאָר קלאָר, נאָר מען האָט פאַרשטאַנען, אַז די דייטשן פאַרלירן די מלחמה, אַז היטלער וועט שוין קיין זיגער איבער דער וועלט נישט זיין. עס פלעגט ווערן פרייליכער אויפן האַרצן. מען פלעגט צוריקגיין אין די שטיבער מיט מער מונ־טערקייט, מיט אַ שמייכל אויפן פנים.

„אַז דער ראַדיאָ־אַפּהילכער האָט געענדיקט, פלעגט מען זען, ווי עס לאָזט זיך אַוועק אין געסל אַ מחנה ייִדן. דאָס גייען זיי נאָך יוספקען, וועמען מען האָט אויך גערופן „רובינשטיינס יאַט", ווייל זיין טאַטע איז דאָך געווען כאַטל רובינשטיין, דער לערער פון דער מענדעלע־שולע".

אַזוי האָט מיר געשריבן דער אָפּגעראַטעוועטער אהרן געל־טשינסקי.

און אַזוי, יוספקע, וועסטו בלייבן פאַרשריבן אין דער געשיכ־טע פון ביאַליסטאָקער געטאָ:

„יוספקע, דער זון פון אסתר־צביה פאַט דער לערערין און פון מרדכי רובינשטיין דעם לערער, איז געווען אונטער היטלערן דער טרייסטער פון די ייִדן פון געטאָ".



# חנהקע — די קוריערין פון דער אונטערערדישער באַוועגונג

צווישן די מיטגלידער פון דער אונטערערדישער אָרגאַניזאַציע פון געטאָ זיינען געווען סיי שיינע און סיי איר טאָכטער חנהקע.

פאַר דער מלחמה איז הנהקע געווען אַ שילערין פון אַ יידישער פאָלקס-שול אין ווארשע. זי איז געווען איינע פון די פעיקסטע מיידלעך אין קלאַס. זי איז געווען בלאָנד און שלאַנק, זי האָט גע־קענט געשמאַק לאַכן און שטיל ריידן. זי איז געווען מונטער און גרייט אוועקצוגעבן איר לעבן אין קאַמף. אירע האָר אויפן קאָפ קרייזלען זיך פון זיך אַליין. פון אירע גרויסע, בלויע אויגן האָבן אַרויסגעקוקט געהיימנישן פון אַ ווייטער וועלט.

„מען וועט קעמפן" — דאָס האָט מען זיכער געוווּסט.

ווי אַזוי קעמפן, ווו קעמפן — האָט מען נאָך נישט געוווּסט.

חנהקע איז געווען פון די סאַמע יינגסטע אין דער אונטער־ערדישער יוגנט-אָרגאַניזאַציע. אָבער אין געטאָ איז זי אַזוי ווי עלטער געוואָרן פון טאָג צו טאָג. מען האָט דאָס געקענט זען אויף איר פנים. איר בלייכער פנים איז געוואָרן שטילער און שטרענגער. דעם סוד פון קאַמף דאַרף מען האַלטן טיף אין זיך, קיינעם נישט

דערציילן. אויב מען דאַרף, קען מען אים אויך באַהאַלטן אונטער אַ געלעכטער.

איר מאַמע, שיינע, האָט איין מאָל צו איר אַזוי געזאָגט:

— נעם זיך אַריין אין זינען, שטעל זיך פאָר, אַז די דייטשן האָבן דיך שוין אומגעבראַכט, וועסטו שוין גאָרנישט מורא האָבן. אויב דו לעבסטן ווייטער, איז דאָס נאָר אַ נס. האַלט זיך שטאַרק אָן דעם נס!

חנהקע האָט געהאַט בלאָנדע האָר. זי האָט נישט אויסגעזען ווי אַ ייִדישע מיידל, נאָר ווי אַ שיקסע. פלעגט זי קענען זיך אַרומגנבענען פון געטאָ און אַוועקגיין אויף דער „אַרישער זייט".

וואָס איז עס אַזוינס די „אַרישע זייט"? יעדעס ייִדיש קינד דאַרף וויסן, וואָס עס איז געווען די „אַרישע זייט"!

די נאַצים, די טייוולאָנים, האָבן אויסגעטראַכט אַ משוגענע זאַך: זיי, די דייטשן, און די פּאָליאַקן, און די אַנדערע פעלקער, זיינען „אַריער" און גרויסע יחסנים. די ייִדן זיינען נישט קיין אַריער — דאַרף מען זיי דערפאַר אויסהרגענען.

האָבן זיי די ייִדן פאַרשפּאַרט אין געטאָ. די אַנדערע זייט, וווּ עס האָבן געוווינט די נישט-ייִדן, די פּאָליאַקן, און וווּ זיי, די דייטשן, האָבן געוווינט, איז געווען די „אַרישע זייט".

אויב מען האָט געוואָלט וויסן, וואָס עס קומט פאָר אין די אַנדערע שטעט, האָט מען געדאַרפט אַריבערלויפן פון געטאָ אויף דער „אַרישער זייט". אויב די דייטשן וואָלטן געכאַפּט אַזאַ ייִדן — וואָלטן זיי אים דערשאָסן. האָבן די דרייסטע ייִדישע בחורים און מיידלעך געדאַרפט האָבן פאַלשע דאָקומענטן, מיט אַנדערע נעמען, אויף וועלכע עס איז געווען אָנגעשריבן אַז זיי זיינען „אַריער".

אַז מען איז שוין אַריבערגעקומען אויף דער „אַרישער זייט" און אַפילו אַז מען האָט שוין געהאַט פאַלשע „אַרישע פּאַפּירן" איז עס נאָך אַלץ געווען זייער געפערלעך. אין ייִדיש מיידל צווישן אַזוי פיל „אַריער"! טאָמער וואָלט מען דערקענט, אַז זי איז אַ

יידישע — קומט גלייך דער טויט! וועט מען אויסגעפינען, אַז די פּאַפּירן זיינען פאַלש — דערשאָסן אויפן אָרט!

נישט נאָר פאַר די דייטשן האָט מען זיך געדאַרפט היטן. אויך פאַר די פּאָליאַקן און ווייסרוסן. געווען צווישן די פּאָליאַקן און ווייסרוסן אַזעלכע, וואָס האָבן פיינט געהאַט די דייטשן און גע־קעמפט מיט זיי. זיי פלעגן אַוועק אין די וועלדער און ווערן פּאַר־טיזאַנער. טייל פלעגן אַפילו אַרויסהעלפן די יידן. אָבער זיי זיינען געווען זייער ווייניק. די מערהייט האָט זייער פיינט געהאַט יידן. טאָמער פלעגן זיי דערקענען, אַז אַ מיידל איז נישט אין אמתן אַן „אַרישע", נאָר אַ יידישע — פלעגן זיי זי כאַפּן און אַוועקפירן צו די דייטשן, צו דער „געשטאַפּאָ".

דאָס האָט געמיינט — פרייער פייניקונגען, דערנאָך טויט.

ווי העלדיש האָט געדאַרפט זיין אַ יידיש מיידל, זי זאָל אַוועק־גיין אויף דער „אַרישער זייט"! איינע אַליין צווישן אַזוי פיל שונאים!

האָט די אונטערערדישע באַוועגונג באַשלאָסן, אַז חנהקע זאָל דאָס טאָן. זי זאָל זיין איינע פון די שליחים אויף דער „אַרישער זייט". זי זעט נישט אויס ווי אַ יידישע — וועט מען זי נישט אַזוי לייכט דערקענען.

זי האָט זיך נישט דערשראָקן. זי פלעגט זיך פאַרשטעלן פאַר אַ שיקסע און פלעגט אַוועקגיין פון געטאָ. אויף דער „אַרישער זייט" פלעגט זי זיך באַגעגענען מיט אַ קוריער פון דער אונטער־ערדישער באַוועגונג פון אַן אַנדער שטאָט. ער פלעגט איר איבער־געבן אַ צעטעלע, זי פלעגט אים אויך איבערגעבן אַ צעטעלע. דער קוריער פלעגט צוריק אַוועקפאָרן פון וואַנען ער איז געקומען. חנהקע פלעגט זיך אומקערן צוריק אין געטאָ.

דאָס זיינען געווען צעטעלעך וועגן סודות פון דעם אונטער־ערדישן קאַמף.

— וואָס איז געווען אויף דיין באַגעגעניש? — פלעגט אַ מאָל די לערערין שיינע פרעגן איר טאָכטער חנהקע.

— מאַמע, דו דאַרפסט מיר נישט פרעגן — ענטפערט חנהקע צוריק.

— ביסט גערעכט מיין קינד.

אין די שפּעטע אָוונטן טרעפן זיך ביידע, שיינע און חנהקע, אין שיינעס קליינעם צימערל אין יתומים־הויז. וועגן דער אַרבעט, וואָס זיי האָבן געטאָן ביי טאָג, וועגן דער שליחות, וואָס איז זיי אָנפאַרטרויט געוואָרן,ריידן זיי מער נישט איינע צו דער אַנדערער. זאָל די טאָכטער נישט ציטערן פאַרן לעבן פון דער מאַמען און זאָל די מאַמע נישט פלאַטערן פאַר דער טאָכטער, וואָס גייט אין געפאַר.

פלעגט שיינע זאָגן צו חנהקען:

— אויב אונדז וועט זיין באַשערט אומצוקומען, זאָלן מיר אומקומען ווי מענטשן, שטייענדיק! אויב מיר וועלן בלייבן לעבן, וועלן מיר זיך נישט דאַרפן שעמען!

שיינע האָט געקאָנט האַרציק זינגען לידער — ייִדישע, פּוילישע, רוסישע. ייִדישע לידער האָט זי געזונגען שטומערהייט, אַזוי ווי פאַר זיך אַליין, מען זאָל דרויסן נישט הערן. חנהקע פלעגט זיצן און הערן ווי איר מאַמע זינגט שטילערהייט.

— אַז די מלחמה וועט זיך פאַרענדיקן און געטאָס וועלן מער נישט זיין — האָט שיינע געזאָגט צו איר טאָכטער חנהקע — וועלן מיר זיך דעמאָלט אַלע באַגעגענען און זינגען צוזאַמען פרייִלעכע לידער.

נאָך אַזאַ שטילן רעדן איז נישט געווען קיין בעסערע זאַך פאַר שיינע די לערערין און פאַר חנהקען, ווי זיך אַרומנעמען און זיך צוטוליען איינע צו דער צווייטער, און שעפּטשען...

שיינע פלעגט רעדן מיט חנהקען וועגן דעם זכות, וואָס איז זיי געגעבן — צו קעמפן מיט די נאַצים:

— טעכטערל, מען דאַרף צו דעם זוכה זיין!

פון שיינעם אויגן האָט אַרויסגעקוקט די הייליקייט פון אומ־קום און די גליקזעליקייט וואָס איר טאָכטער איז צו איר נאָענט. פון חנהקעס אויגן האָט אַרויסגעקוקט דער געהיימער סוד פון אַ ווייטער וועלט.

יעדער טאָג, וואָס מען לעבט איבער, איז אַ געפונענער טאָג. דאָס האָט זיי געשטאַרקט.



## ווי אַזוי פאַרבינדט מען זיך מיט די פּאַרטיזאַנער?

די וויכטיקסטע אויפגאַבע איז געווען — זיך צו פאַרבינדן מיט די פּאַרטיזאַנער אין די וועלדער.

ווער זיינען געווען די פּאַרטיזאַנער? וואָס האָבן זיי געטאָן? צו וואָס האָבן זיי זיך געגרייט?

איך וועל דערציילן וועגן זיי נאָר אַ ביסל.

די פּאַרטיזאַנער — דאָס איז געווען די אונטערערדישע אַרמיי אויף די ערטער, וואָס די דייטשן האָבן פאַרכאַפּט. זיי האָבן געקעמפט מיט די נאַציס אָן מורא. זיי האָבן נישט געהאַט קיין גרויסע מחנות צו גיין באַוואָפנט צום קאַמף מיט די נאַציס, האָבן זיי געקעמפט אין קליינע, צונויפגעשלאָסענע דרייסטע גרופן, אָן מורא פאַרן טויט. זיי פלעגן באַפאַלן די נאַציס אומגעריכט, מיט אַ סך העלדישקייט. זיי האָבן געוואָלט שווערער מאַכן די נאַצישע באַנדיטן.

זיי האָבן געוווינט אין די וועלדער. זיי פלעגן שלאָפן אויף דער ערד. ווינטער פלעגן זיי אויסגראָבן טיפע גריבער, היילן, און זיך דאָרטן אויסבאַהאַלטן. ביי טאָג פלעגן זיי די גריבער פאַרדעקן מיט צווייגן און בלעטער. טאָמער גייען פאַרביי דייטשן — זאָלן זיי נישט דערקענען, אַז דאָ זיינען דאָ פּאַרטיזאַנער.

נישט ווייט פון ביאַליסטאָק זיינען געווען גרויסע און געדיכ־טע וועלדער. דאָרטן האָבן זיך פאַרקליבן די פּאַרטיזאַנער. פון דאָרטן האָבן זיי געפירט זייער מלחמה מיט די דייטשן.

איז געפאָרן אויף די באַן־רעלסן אַ צוג מיט נאַצים, האָבן די פּאַרטיזאַנער אים אָפּגעוואַרט פאַרשטעלטערהייט ביי די רעלסן, געשליידערט אויף אים באָמבעס, וואָס זיי האָבן אליין צוגעגרייט, אויפגעריסן דעם צוג, אַוועקגעלייגט טויט די נאַצים — און שנעל זיך אָפּגעטראָגן צוריק אין די וועלדער.

איז געווען ערגעץ־ווו אַ בריק איבער אַ טייך, די נאַצים האָבן געדאַרפט אַריבערפירן זייערע אַ מחנה סאָלדאַטן, האָבן די פּאַר־טיזאַנער מיט זייערע באָמבעס אויפגעריסן די בריק, אַוועקגעלייגט אַ צאָל דייטשע סאָלדאַטן, צוגענומען ביי זיי די ביקסן, רעוואָל־ווערן, קוילן, נאָך דעם אַריינגעלאָפן אין געדיכטן וואַלד און דאָרט זיך אויסבאַהאַלטן.

די נאַצים האָבן מורא געהאַט פאַר די פּאַרטיזאַנער, וואָס זיינען געווען זייער דרייסט. זיי פלעגן הערן מיט שרעק וועגן די „העלדישע פּאַרטיזאַנער" און פלעגן נישט וואַגן זיי נאָכיאָגן אין די וועלדער.

די אונטערערדישע באַוועגונג האָט באַשלאָסן, אַז מען דאַרף זיך פאַרבינדן מיט די פּאַרטיזאַנער. מען קעמפט דאָך צוזאַמען קעגן איין שונא — די נאַצי־מערדער! אפשר קען מען העלפן די פּאַרטיזאַנער — וועט דער זיג איבער די דייטשן קומען שנעלער.

אפשר קענען די פּאַרטיזאַנער העלפן די ייִדן, וואָס ראַטעווען זיך פון די שחיטות אין די קליינע שטעטלעך, וואָס רייסן זיך אַרויס פון די קאַצעטן — און לויפן אין וואַלד אַריין?

אפשר ווייסן די פּאַרטיזאַנער, ווו מען קען קריגן געווער, אַז די ייִדן אין די געטאָס זאָלן זיך קענען פאַרטיידיקן קעגן די דייטשן?

אָבער ווי אַזוי קומט מען צו צו זיי? די פּאַרטיזאַנער זיינען ווייט, פאַרבאַהאַלטן אין די וועלדער. און די וועלדער זיינען דאָך אַרומגערינגלט מיט דייטשע זעלנער!

האָט די אונטערערדישע באַוועגונג פֿון געטאָ אַרויסגעשיקט אַ דרייסטן שליח. אָבער עס איז נישט געלונגען. די דייטשן האָבן אים געכאַפּט — און דערשאָסן.

ביז איין מאָל האָט מען די אונטערערדישע קעמפֿער אָנגעזאָגט אַ פֿריידיקע בשורה:

— מיר האָבן זיך פֿאַרבונדן!

הנהקע האָט זיך נישט געקענט איינהאַלטן און האָט עס דער־ציילט שיינען:

— מאַמע, די אונטערערדישע באַוועגונג אַרבעט שוין צוזאַמען מיט די פּאַרטיזאַנער! מען האָט זיך געטראָפֿן מיט זייערע פֿאַר־שטייער אויף דער „אַרישער זייט"!

שיינע האָט דאָס אויסגעהערט, אָבער זי האָט גאָרנישט גע־זאָגט.

— קיינער ווייס נישט ווי אַזוי דאָס איז געשען — האָט חנהקע ווייטער גערעדט מיט גרויס ברען — קיינער ווייס נישט ווער עס האָט אונדז פֿאַרבונדן!

שיינע האָט ווייטער געשוויגן.

קיין סך רעדן וועגן דעם טאָר מען נישט. זאָל דאָס פֿאַרבלייבן אַ סוד!

אַזוי איז עס פֿאַרבליבן אַ סוד די גאַנצע צייט. מען האָט גע־וווּסט אין דער אונטערערדישער באַוועגונג, אַז עס איז דאָ אין געטאָ איין מענטש, וואָס איז דער „פֿאַרבינדער" צווישן געטאָ און די פּאַרטיזאַנער. אָבער ווער איז ער, ווו וווינט ער — דאָס איז פֿאַרבליבן אַ געהיימעניש. בלויז די הויפּט־אָנפֿירער פֿון דער אונ־טערערדישער באַוועגונג האָבן געוווּסט ווער דער דאָזיקער מענטש איז. אָבער אויך זיי האָבן נישט געוווּסט גענוי, ווי אַזוי אָט די גע־פֿערלעכע פֿאַרבינדונג קומט פֿאָר.

ערשט איצט, נאָך דער מלחמה, האָט מען זיך דערוווּסט דעם סוד.

ווען חנהקע פֿלעגט ביי נאַכט זיצן מיט איר מאַמען און זיך

טוליען צו איר — האָט זי נישט געוווּסט, אַז דאָס זיצט זי גאָר מיט יענעם געהיימען מענטשן פון דער אונטערערדישער באַוועגונג, וואָס האַלט אין איר האַרצן דעם גרעסטן סוד.

שיינע האָט פאַר איר אייגענער טאָכטער אויסבאַהאַלטן אַט דעם סוד!

יאָ, געווען איז דאָס אונדזער שיינע!

היינט ווייסן מיר שוין אַ קליין ביסעלע, ווי אַזוי דאָס איז געשען. אָבער דעם גאַנצן סוד פון דער גרויסער העלדישקייט פון שיינען וועלן מיר שוין קיין מאָל נישט וויסן.

מיר ווייסן, אַז דאָס איז געווען אַזוי:

ווען די רוסן האָבן געמוזט שנעל אַנטלויפן פון ביאַליסטאָק, איז אין שטאָט פאַרבליבן אַ לערערין פון רוסלאַנד. קיינער ווייס נישט ביז צום היינטיקן טאָג איר נאָמען. זי איז דאָס געווען די, וואָס האָט געהאַט אין אירע הענט די פאַרבינדונג מיט די פּאַרטיזאַנער, ווען זיי האָבן אָנגעהויבן זייער מלחמה מיט די דייטשן.

בלויז איין פריינדין האָט די דאָזיקע רוסישע לערערין געהאַט אין ביאַליסטאָק. דאָס איז געווען די לערערין שיינע. זיי האָבן פריִער געאַרבעט צוזאַמען אין איין שולע. האָט די רוסישע לערערין צוגעצויגן שיינען צו דער געהיימער אַרבעט. זיי פלעגן זיך טרעפן — אַ מאָל אין געטאָ, און אַ מאָל אויף דער אַרישער זייט. ביז איין מאָל האָט די רוסישע לערערין דערשפּירט, אַז אַ נאַציאַגענט קוקט איר נאָך. ער איז איר נאָכגעגאַנגען. זי האָט אים שפּעטער געזען זיך אַרומדרייען פאַר איר הויז.

זי האָט דערשפּירט, אַז זי וועט זיך פון די דייטשע הענט מער נישט אַרויסדרייען. זיי ווייסן ווער זי איז. און אַז זיי וועלן זי כאַפּן — וועלן זיי איר אַזוי לאַנג פּייניקן, ביז זי וועט אפשר נישט אויסהאַלטן און עפּעס אויסזאָגן.

האָט זי שנעל איבערגעגעבן שיינען אַלע פּאַפּירלעך, אַלע אירע סודות.

— שיינע — האָט זי איר געזאָגט — דו וועסט אפשר איצט

בלייבן איינע אַליין. איך ווייס, אַז אויף דיר קען איך זיך פאַרלאָזן. איך גיב דיר איבער דאָס לעבן פון די פאַרטיזאַנער אין די וועל־דער! איך ווייס, אַז דו וועסט גיכער שטאַרבן, ווי אַריינפאַלן צו די נאַציס אין די הענט! איך וועל אויך אַזוי טאָן! זיי געזונט...

אָפּגעזאָגט — און שנעל אַוועקגעלאָפן.

אַ פּאָר טעג שפּעטער האָט זי דערזען, אַז געשטאַפּאָ־מענטשן דערנענטערן זיך צו איר הויז. האָט זי שנעל פאַרברענט אַלע בריוו, אַלע דאָקומענטן, וואָס זיינען נאָך ביי איר געווען, און געבליבן וואַרטן.

באַלד האָט זי טאַקע געהערט אַ קלאַפּ אין טיר. דורכן פענצ־טער האָט זי געזען, אַז איר הויז איז באַלאַגערט. געשטאַפּאָ־אוי־טאָס שטייען דרויסן. אַנטלויפן קען מען נישט. די פּנימער פון די געשטאַפּאָניקעס זיינען היהשע. זי האָט נישט געוואָלט אַריינפאַלן אַ לעבעדיקע אין זייערע מערדערישע הענט. איז זי אַרויס אין דרויסן און דאָרט זיך אַליין דערשאָסן, פאַרענדיקט איר לעבן.

לאָמיר, קינדער, דאָס גוט געדענקען. דער אומקום פון שיינעס חברטע איז געווען אַזוי גרויס ווי איר לעבן און קאַמף. זי איז גע־פאַלן אַ הייליקער קרבן.

שיינע איז איצט פאַרבליבן אַליין.

אַליין מיט איר הייליקן סוד.

דאָס לעבן פון די פאַרטיזאַנער, די שלאַכטן מיט די דייטשן ליגן אין אירע דאַרע, ווייסע הענט.



# שיינע אין וואַלד

דער אימפּעט פון קאַמף מיט די נאַציס האָט געברענט אין שיינען. זי האָט עס געפילט ווען זי איז געגאַנגען אויספירן אַ שליחות פון דער קאַמף־אָרגאַניזאַציע. נישט אָפּגעשטעלט זיך אין גאַנג. נישט מורא געהאַט. זי איז געווען איבערגעקליידט ווי אַ פויערטע. זי האָט געקענט רעדן אויף אַ דאָרפישן פּוילישן לשון. ווער עס האָט איר געזען, האָט גאָרנישט געקענט אפילו אַ רגע אַ טראַכט טאָן, אַז אָט די פּוילישע גויע מיטן רויטן טיכל אויפן קאָפּ איז פאַרבונדן מיט דער אונטערערדישער קאַמף־אָרגאַניזאַציע.

זי איז דעריבער דורכגעגאַנגען בשלום די דייטשע וואַך אַרום וואַלד. אירע פיס האָבן זיך געטראָגן דורך אַן אינעווייניקסטן אימפּעט.

אין וואַלד איז טונקל און שטיל.

מען זעט דאָרט גאָרנישט און מען הערט גאָרנישט. עס טרעפט אַ מאָל, עס דוכט זיך אַז מען הערט עפּעס אַ ברום, אַ פּייף — שיינע דערשרעקט זיך נישט. זי ווייס, אַז דאָס זיינען פון מאָל צו מאָל קולות פון ווילדע וואַלד־באַשעפעניש. אפילו אַן אַלטער בוים קען

אַ מאָל טאָן אַ קרעכץ. עס קען אויך אַ פֿויגל זיך לאָזן הערן מיט אַ קול.

שיינע הערט אַזאַ קול איין מאָל, אַן אַנדער מאָל. שטעלט זי זיך אָפּ אַ רגע, הערט זיך שטאַרקער צו. אפֿשר רעדט מען צו איר? אָבער באַלד לאָזט זי זיך ווייטער אין גאַנג. זי דאַרף גיין. נאָר נישט שטיין. דאָס האָט זי זיך שוין גוט אויסגעלערנט.

ווערט אַ מאָל שיינע מיד אויפֿן וואַלד־וועג, זעצט זי זיך אַוועק אָפּרוען אַ ביסל. זאָלן די מידע פֿיס קומען צו זיך. דעמאָלט איז גוט צו קוקן ווייט פֿון זיך. און אַז מען קוקט שטאַרק און לאַנג. קען מען אויך זען זאַכן וואָס חלומען זיך.

דער וועג ציט זיך אַוועק זייער ווייט. ער דערגרייכט ביז די גרויסע בעלאַוועזשער וועלדער. דאָרט באַהאַלטן זיך אויס אַ סך פּאַרטיזאַנער — רוסישע, ווייסרוסישע און פּוילישע.

פֿילט דעמאָלט שיינע, אַז זי איז נישט אין גאַנצן אַליין. זי איז פֿאַרבונדן דורך די וועלדער און אונטער דער ערד מיט נאָך קעמפֿער. זיי אַלע וועלן שפּעטער, ווען די גרויסע קאַמפֿן וועלן זיך אָנהייבן, אַרויסטרעטן צוזאַמען און פֿאַרטרייבן די נאַציס. אַזוי חלומט זי. דערווייל דאַרף מען זיך גרייטן צו דער שעה וואָס וועט קומען.

פֿרעמדע מענטשן, זייטיקע מענטשן דאַרפֿן דערפֿון נישט וויסן. ווען די צייט וועט קומען וועט מען אַלין דערציילן, אין ביכער, באַריכטן, מען וועט דערציילן...

די בעלאַוועזשער וועלדער ציִען זיך אַוועק צענדליקער מײלן ווייט. זיי זײַנען פֿול מיט אור־אַלטע ביימער, סאָסנע־ביימער, בלעטער־ביימער. זיצט שיינע די לערערין אויף אַן אָפּגעבראָכענעם בוים. קוקט אַרום און אַרום. זי וואַרט, אַז אַ „פֿאַרשטעלטער" זאָל זיך באַווייזן, אַ שליח פֿון די פּאַרטיזאַנער זאָל אונטערקומען — די פּאַרטיזאַנער ווילן דאָך וויסן וואָס טוט זיך אויף דער וועלט, וואָס גרייט מען זיך צו טאָן.

ביז זי דערהערט...

אַ קלאַפּ אין בוים, איין קלאַפּ, נאָך אַ קלאַפּ... דאָס איז דער סימן פאַר איר. דאָ דאַרף זי שטיין בלייבן און וואַרטן. איר חברטע, וואָס איז אומגעקומען, האָט איר אַנגעזאָגט וואָס עס איז דער געהיימער סיגנאַל פון די פּאַרטיזאַנער אין די וועלדער. אַז מען הערט אַזאַ קלאַפּן. דאַרף מען וויסן ווי אַזוי צוריק צו קלאַפּן: אַ קלאַפּ, צוויי שנעלע קלעפּ, נאָך אַ קלאַפּ אין בוים — דאַן וויסן די פּאַרטיזאַנער, אַז דאָס איז נישט קיין שונא, נאָר אַ פריינד. שיסן זיי נישט אויף אים. באַלד וועלן זיי צו איר אַרויסשיקן זייערן אַ שליח.

קומט ער, באַווייזט זיך פון צווישן די געדיכטעביימער, טוט אַ שמייכל, אַ וויש דעם שטערן, וואָס דאָס דאַרף מיינען פאַר שיינען אַ סימן, אַז אַלץ איז אין אָרדענונג. זי זאָל נישט מורא האָבן. אַ ווונק מיט די אויגן — גייט זי נאָך דעם מענטשן. ער גייט ווייטער אין וואַלד, ווו די ביימער זיינען אַזוי געדיכט, אַז מען קען גאָרנישט אַדורכגיין, אויב מען ווייס נישט די באַהאַלטענע וועגעלעך. ער גייט פאָרויס, זי גייט אים נאָך. קיינעם אָרט נישט אויב מען זעט זיי אַפילו. אָט, צוויי מענטשן, אַ גוי מיט אַ גויע — אַזוי זעען זיי דאָך ביידע אויס — גייען אויפן וועג. דער וועג פירט אַריין אין אַ סאָסנע־וואַלד, הויכע ביימער אַרום און אַרום: פייגל שרייען פון די ביימער.

האָב נישט מורא, שיינע, גיי ווייטער!

דאָ הייסט מען איר שטיין — און וואַרטן. דער פּאַרטיזאַן פאַרשווינדט צווישן די ביימער. ער איז געגאַנגען אָנזאָגן זיין קאָמאַנדיר:

— אַ שליח פון ביאַליסטאָקער געטאָ איז געקומען!

אַזוי איז איינגעשטעלט געוואָרן דער בונד צווישן געטאָ און די פּאַרטיזאַנער־מחנות. דער קאָמאַנדיר האָט שיינען אויסגעלערנט אַלע סיגנאַלן פון די פּאַרטיזאַנער. ער האָט איר געזאָגט ווו עס זיינען די געהיימע וואַלד־וועגן: די ייִדן, וואָס אַנטלויפן פון די געטאָס, זאָלן קענען אָנקומען אין וואַלד און ווערן פּאַרטיזאַנער. ער

האָט איר געזאָגט, אַז שליחים פון די פּאַרטיזאַנער וועלן קומען קיין ביאַליסטאָק. שיינע האָט אים געזאָגט, ווי אַזוי זיי זאָלן אויס־זוכן די פאַרשטייער פון דער יידישער אונטערערדישער אָרגאַניזאַ־ציע. זיי, די יידישע מיידלעך אויף דער „אַרישער זייט״, וועלן איצט דאַרפן העלפן נישט נאָר די יידן אין די געטאָס, נאָר אויך די פּאַר־טיזאַנער אין די וועלדער. די פּאַרטיזאַנער וועלן זיי זאָגן, ווו מען וועט קענען קריגן אַ ביסל געווער פאַרן געטאָ.

צום סוף זאָגט איר דער קאָמאַנדיר פון די פּאַרטיזאַנער:

— עמעצער מוז זיך דערוויסן, וואָס די דייטשן פּלאַנירן! מיר מוזן וויסן פריער ווען די באַנען און די לאַסט-אויטאָס מיט זייערע זעלנער פאָרן פאַרביי. וועלן מיר זיי באַפאַלן, אויפרייסן די באַנען, די בריקן, די אויטאָס, דערהרגענען די דייטשן און צונעמען זייער געווער!

נאָך וויכטיקער איז צו וויסן ווען די דייטשן גרייט צו אַ גרויסן אָנפאַל אויף די פּאַרטיזאַנער. פון דעם איז אַלץ אָפּהענגיק! אַז מען ווייס דאָס באַצייטנס, קען מען זיך צוגרייטן. מען קען זיך אויסבאַ־האַלטן. מען קען אַריבערלויפן אין אַ צווייטן טייל פון וואַלד — און די דייטשן מיט זייערע מאַשין-ביקסן און טאַנקען וועלן קיינעם נישט טרעפן!

שיינע הערט יעדן וואָרט, וואָס מען זאָגט איר אָן. זי שלינגט פשוט אַריין אין זיך די ווערטער וואָס זי הערט. זי וועט גוט גע־דענקען און גוט איבערגעבן.

— אָבער פאַר דעם קומט טויט-שטראָף! — זאָגט דער קאָמאַנ־דיר. און פאַרן טויט וועלן די דייטשן, זייער פּאָליציי, די געשטאַפּאָ, פּייניקן. זיי וועלן דאָך וועלן אַרויסבאַקומען די סודות, די וועגן צו די פּאַרטיזאַנער! פאַלט מען אַריין צו זיי — איז דאָס דער סוף!

זיצן זיי ביידע אין וואַלד אויף דעם שטאָם פון אַ בוים, וואָס איז אומגעפאַלן פון שטורעם-ווינט. איצט שווייגן זיי ביידע. ביידע טראַכטן. ביז דער מאַן מיטן ביקס זאָגט:

— מיר ווייסן גוט ווער דו ביסט. מען האָט אונדז פריער אָנ־

געזאָגט וועגן דיר. מיר האָבן געוואַרט, אַז דו זאָלסט קומען! דו ביסט די איינציקע, וועמען מיר קענען אָנפאַרטרויען אונדזער סוד און אונדזער לעבן. וועסטו אָננעמען אָט די געפערלעכע אַרבעט?

שיינעס האַרץ קלאַפּט שנעל און שטאַרק. די ליפּן באַוועגן זיך, אָבער קיין שטימע קומט נישט אַרויס. גיט זי בלויז אַ שאָקל מיטן קאָפּ:

— יאָ!

— האָסט גאָרנישט קיין מורא, שיינע?

זי ענטפערט נישט אויף אַזאַ פראַגע. מען דאַרף גאָרנישט אַזוינס איר פרעגן. איר לעבן געהערט דאָך מער נישט צו איר — עס געהערט צום קאַמף מיט די נאַציס. דאָס רודערט אין איר ווי אַ צויבער און גיט איר נייעם כוח.

זיי געזעגענען זיך שנעל. שיינע גייט צוריק אין געטאָ. זי גייט אָבער מער נישט אַליין. זי גייט מיט איר גרויסן סוד.

— איז דאָס טאַקע אַלין וויכטיק אין קאַמף — טוט שיינע זיך אַליין אַ פרעג אויפן וועג און גיט זיך גלייך אַ קורצן ענטפער:

— גאָרנישט קלערן, גאָרנישט פרעגן!

מען דאַרף גיין און אויספירן וואָס מען האָט איר אָנגעזאָגט. גאָרנישט קלערן, גאָרנישט פרעגן!

אַמאָל, פאַר דער מלחמה, האָט שיינע די לערערין געלערנט אירע קינדער:

— קלער, קלער איבער. אויב דו פאַרשטייסט נישט גוט, פרעג איין מאָל, פרעג אַ צווייטן מאָל!

אָבער היינט איז אַנדערש. היינט איז מלחמה מיט די נאַציס:

— גאָרנישט קלערן, גאָרנישט פרעגן!

שפּעטער וועט די געשיכטע דערציילן, שיינע די לערערין איז איצט אין דינסט צו דער געשיכטע. עס איז נישטאָ קיין מורא, נישטאָ אפילו קיין הונגער, נאָר —

— גיי, גיי ווייטער, וועסט אפשר סוף כל סוף דערגיין צום ציל!



## שיינע גייט אונטער דער ערד אין פּאַלאַץ

איר דערמאָנט זיך באַשטימט וואָס איך האָב פריִער דערציילט ווי אַזוי מיין משפחה, די פּליטים, זיינען געקומען אין אָנהייב פון דער מלחמה צו לויפן צו זייער אַלטער היים אין ביאַליסטאָק. איך האָב דעמאָלט דערציילט וועגן „אונגערם באַרג", וואָס איז געווען אַנטקעגן איבער דעם הויז און וועגן די פינצטערע, פאַרשאָטענע טונעלן, וואָס האָבן זיך געצויגן אין באַרג צו „בראַניצקים פּאַלאַץ". איך האָב אויך דערמאָנט ווי איך פלעג אַלס יִינגל קריכן אין די דאָזיקע טונעלן, ווי אַזוי איך האָב זיך אַפילו איין מאָל אַריינגע־גנבעט אין גרויסן גאָרטן, וואָס איז געווען אַרום דעם פּאַלאַץ. איך האָב קיין מאָל נישט געוווּסט — און קיינער האָט נישט געוווּסט — אַז דער אונטערערדישער טונעל וועט אַ מאָל שפּילן אַ וויכטיקע ראָל פאַר די אונטערדישע קעמפער און אַז שיינע וועט דערביי אַרויסווייזן אַזאַ העלדישקייט, אַז שפּעטער וועט גאָר זיין שווער צו גלייבן, אַז דאָס איז טאַקע אַלץ אויף אַן אמת אַזוי געווען.

„דער פּאַלאַץ" — האָבן די ייִדן פון ביאַליסטאָק גערופן אַ גרויסן גאָרטן, וואָס האָט זיך געצויגן פאַרביי אייניקע גאַסן — די

אַלייען־גאַס, די סאַדאָווע־גאַס, אַנגערס־גאַס. ער האָט פאַרנומען אַ גרויסן שטח — אַ גאָרטן מיט הייכע ביימער, בלעטער־ביימער, סאָסנע־ביימער מיט לאַנגע צווייגן, מיט נעסטן פון אַלע מינים פייגל. אין מיטן דעם גרויסן גאָרטן איז געשטאַנען אַ גרויסע ווייסע שטיינערנע געביידע מיט אַ סך פענצטער און באַלקאָנען. גאָר אַמאָל זיינען אין דעם פּאַלאַץ פאָרגעקומען פריצישע שמחות, רוישיקע הוליאַנקעס. מוזיקאַנטן האָבן דאָרט געשפּילט. אין די גרויסע זאַלן פון דער ווייסער, שטיינערנער געביידע האָט מען געטרונקען, געגעסן, געטאַנצט, געשיכורט — אַלץ וואָס רייכע, שיכורע פריצים קענען טאָן.

אין דער צייט פון דער מלחמה האָבן די דייטשן דאָרט איינקוואַרטירט זייער „ציוויל־פאַרוואַלטונג" פון דער גאַנצער געגנט. פון דאָרט האָט מען אויך געהערשט איבער די ייִדן. די גזלנישע באַפעלן פון פאַרניכטונג זיינען אַרויסגעקומען פון דאָרטן. נאַצישע אָפיצירן פלעגן פון דאָרט אַרויספאָרן שנעל אויף זייערע מאָטאָרציקלען און זיך אַוועקטראָגן מיט אַ רויש אין ווייטע ערטער. דאָ אין די צימערן פון פּאַלאַץ זיינען געווען די פּלענער און די סודות פון דער דייטשער פאַרניכטונג.

די פּאַרטיזאַנער אין וואַלד האָבן שיינען איבערגעגעבן אַ גרויסן סוד, וואָס קיינער האָט נישט געטאָרט וויסן. זיי האָבן איר געזאָגט, אַז איינער פון זייערע מענטשן אַרבעט אין פּאַלאַץ ביי די דייטשן. ער איז דאָרטן אַ וועכטער. ביי נאַכט, ווען די דייטשן גייען אַוועק, רוימט ער דאָרטן אויף די צימערן. אין דרויסן, פאַרן פּאַלאַץ, שטייען דייטשע זעלנער אויף דער וואַך. אינעווייניק איז קיינער נישטאָ. די דייטשן ווייסן נישט, אַז דער דאָזיקער מענטש איז פון די פּאַרטיזאַנער.

— אַט, אַ וועכטער, זאָל ער איפּראַמען דאָס מיסט!

דער מענטש קען אַלע צימערן פון פּאַלאַץ. ער קען פון מאָל צו מאָל זען אַ פּאַפּיר, וואָס די דייטשן פאַרגעסן צו פאַרשליסן אין די שופלאָדן.

— מיט אים דאַרפסטו זיך באַגעגענען, זיך פאַרבינדן! — האָט מען פון די פּאַרטיזאַנער אָנגעזאָגט שיינען. — מיט זיין הילף קענן מען זיך דערוויסן סודות.

— ווי איז זיין נאָמען? ווו וועל איך אים געפינען?

— דו דאַרפסט נישט וויסן זיין נאָמען. ער וועט דיר אויסזוכן און ער וועט דיר זאָגן, אַז ער איז „וואַניאַ", וועסטו וויסן, אַז דאָס איז ער.

קיינער ווייסט נישט ביז היינט, ווער דער „וואַניאַ" איז גע־ווען און וואָס מיט אים איז געשען. מסתמא האָבן אים די דייטשן שפּעטער דערהרגעט.

ווי די זאַך זאָל נישט זיין — אָט דער „וואַניאַ" האָט אויפגע־זוכט שיינען. שיינע האָט קיין מאָל נישט דערציילט וועגן אים פּרטים, ווי אַזוי ער האָט איר אויסגעזוכט, ווי ער האָט אויסגעזען און וואָס זיי האָבן גערעדט.

ער האָט אָפּגערעדט מיט שיינען ווו זי קען אים געפינען ווען זי וועט אים זוכן אין פּאַלאַץ. ער וועט איר איבערגעבן נייטיקע ידיעות, מיט וועלכע עס וועלן זיך קענען באַנוצן די קעמפער אין געטאָ און אין וואַלד. ער האָט גוט פאַרשטאַנען וואָס פאַר אַ ידיעות שיינע זוכט.

— אַליין קומען אין פּאַלאַץ? צו די דייטשן? — איך, אַ ייִדישע פרוי? — ווי איז דאָס מעגלעך? — האָט שיינע געפרעגט.

„וואַניאַ" האָט פאַר איר געהאַט אַ פּאַרטיקן ענטפער. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די פּאַרטיזאַנער האָבן אויסגעפונען, אַז עס איז דאָ אַ געהיימער טונעל, פון וועלכן מען קען אַריינקומען גלייך אין פּאַלאַץ אַריין און קיינער זאָל נישט זען.

— ווייסטו ווו עס איז אונגערם באַרג? — האָט ער שיינען גע־פרעגט.

די נשמה האָט געפלאַטערט ביי שיינען! אונגערם באַרג? דער טונעל, ווו די קינדער פלעגן זיך באַהאַלטן, אין וועלכן זיי פלעגן אַריינקריכן!

זי האָט געפילט ווי ממש דער גורל האָט איר נאָך מיט צענד־ליקער יאָרן צוריק אויסגעקליבן צו ווערן די אַנפאַרטרויטע פאַר דער אַרבעט וואָס זי וועט איצט דאַרפן טאָן.

ביי נאַכט, איינע אַליין, וועט זי דאַרפן אַריינגיין אין טונעל ביי אונגערס באַרג. אין דער פינצטער וועט זי דאַרפן גיין דורכן לאַנגן טונעל־וועג — ביז זי וועט קומען צום סוף פון טונעל, דאָרטן וועט אויף איר וואַרטן „וואַניאַ". ער וועט פאַר איר עפענען די געהיימע טיר.

דאָס אַלץ האָט פאַר איר אויסגעזען ווי אַ פאַנטאַסטישע זאַך, וואָס מען לייענט אין מעשה־ביכער.

אָבער דאָס איז נישט קיין אויסגעטראַכטע מעשה! איצט דאַרף זי זיך אַליין אַראָפּלאָזן אין פינצטערן טונעל. זי ווייס נישט צי זי וועט דערגיין צו איר ציל. זי ווייס אָבער אויף זיכער וואָס עס וועט מיט איר געשען אויב אַ דייטש וועט איר פּאַקן:

— שווערע פּייניקונג — און דערשיסן!

— זי פאַרשטייט אָבער ווי וויכטיק עס איז דאָס, וואָס זי גייט טאָן.

וואָס פּלאַנירט מען אין שלאָס צו טאָן מיט די ייִדן אין געטאָ?

— דאָס האָט שיינע געמוזט געוואָר ווערן. וועט זי וויסן, וועט מען זיך אפשר קענען אויסהיטן, בלייבן לעבן. אפשר?

„ראַטעווען, ראַטעווען" — דער געדאַנק, דער פאַרלאַנג האָט געטראָגן שיינען מיט אימפּעט.

שיינע האָט זיך געטראָגן אַהין מיט אַזאַ כוח, ווי מיט דעם כוח פון די, וואָס דאַרפן ווערן געראַטעוועט.

אַט דער כוח טראָגט איר ווי אויף פליגלען. עס איז אַ כוח פון אַן אַנדער וועלט:

— „שיינע, שיינע, ראַטעווע זיי..."

אין וואַלד זיינען באַהאַלטן פּאַרטיזאַנער, יונגע קעמפער, וואָס זיינען גרייט אָוועקצוגעבן זייערע לעבנס אין קאַמף קעגן די נאַ־צישע רוצחים, מוז מען זיי אָנזאָגן ווען די דייטשן קלייבן זיך גיין

אויף זיי אין וואַלד. אפשר וועלן זיי זיך קענען אויסבאַהאַלטן און אויפהיטן זייערע לעבנס, אפשר?...

— וואַרט נישט שיינע, גיי און נעם דעם גרויסן סוד אין זיך און טראָג צו זיי אוועק! זיי ווייסן אַז דו דאַרפסט קומען, זיי וואַרטן אויף דיר, דו ביסט דאָך אַ שליח!

האָב נישט מורא!

ניין, שיינע האָט נישט מורא. די וויכטיקייט פון קאַמף, פון שיצן די קעמפער, דאָס שטאַרקט איר, קרעפטיקט איר. יעדער איי־נער האָט זיין שליחות און דאָס איז, שיינע, דיין שליחות!

דער טונעל איז אַן אַלטער, אַ חרובער. וואַסער־שטראָמען רי־נען אַדורך. מען טאַפּטשעט אין בלאָטע. שמוציקע וואַסער רינט אַראָפּ פון אויבן. פאַלט וואַסער אויף שיינעס קאָפּ, אויף אירע קליי־דער. פון דער נאַסקייט ווערט קאַלט — נעמט זיך שיינע שטאַר־קער צונויף און לאָזט זיך שנעלער אין איר וועג... ווערט וואַרעמער.

און אָט איז שוין שיינע ביים סוף פון דעם אונטערערדישן טונעל. וועט „וואַניאַ״ איר דאָרט אָפּוואַרטן? אפשר וועלן גאָר אויף איר וואַרטן נאַצים, די געשטאַפּאָ־מערדער?

„וואַניאַ״ האָט טאַקע געוואַרט. ער האָט איר אַריינגעפירט אין די צימערן פון די דייטשע באַאַמטע.

אָט איז דער צימער פון דעם הויפּט־נאַצי עריך קאָך. שיינע ווייס, אַז ער איז דער באַלעבאָס איבערן לאַנד, וואָס די דייטשן האָבן פאַרכאַפּט. ער איז שולדיק אין טויט פון הונדערטער טויזנ־טער מענטשן.

אָט זיינען די צימערן, ווו עס זיצן ביי טאָג די דייטשע גענע־ראַלן. פון דאַנען גייען אַרויס די באַפעלן צו די דייטשע אַרמייען. שיינע גייט שנעל פון איין צימער צום צווייטן. אפשר ליגן דאָרטן פּאַפּירן פון וועלכע מען קען זיך דערוויסן די דייטשע סודות? שנעל, שנעל, נישטאָ קיין צייט...

און אָט איז דער צימער פון דעם מערדער פרידעל. ער איז דער באַלעבאָס פון געטאָ. אפשר קען מען אויסגעפינען וואָס פּראָ

נייע מערדערישע פּלענער ער גרייט צו? וועמען זוכט ער? ווער איז באַשטימט דערהרגעט צו ווערן? ווען וועט זיין אַ נייע שחיטה?

וועט מען זיך דאָס דערוויסן, וועט מען זיך צוגרייטן.

מען קען אפשר צווישן די פּאַפּירן געפינען נעמען פון באַדי־נער ביי די דייטשן, נעמען פון מוסרים.

דאָס דאַרפן זייער נייטיק וויסן די אַנטינאַצי־קעמפער.

שיינע ווייסט וואָס פאַר אַ שרעקלעך וואָרט עס איז „מוסרים".

קומט שיינע אַריין אין גרויסן קאַבינעט פון פרידעל. זי זעט באַלד אַלץ אַרום. שיינע קוקט אַריין אין די פּאַפּירן. אירע פלינקע און שאַרפע אויגן כאַפּן אויף אַ גרויסן בויגן פּאַפּיר איינס און צוויי, זי שעפּטשעט צו זיך אַליין ווערטער וואָס זי לייענט, נעמען פון מענטשן וואָס זי דאַרף געדענקען. האָט זי געשעפּטשעט, וועט זי שוין געדענקען, גוט געדענקען, און וועט די נעמען אַרויסטראָגן אין זיך, אין איר קאָפּ, און אַוועקטראָגן צו די באַהאַלטענע קעמפער.

ווען שיינע גייט דורכן טונעל־וועג צוריק, דעמאָלט פרייען זיך אַלע אירע גלידער. זי וואָלט וועלן פאַרטרויען איר טאָכטער חנהקע וועגן איר גאַנג אונטער דער ערד, איר פאַרטרויען וואָס די פינצ־טערניש האָט צו איר געשעפּטשעט.

זי ווייס אָבער, אַז זי טאָר עס נישט טאָן.

— וועט זי קענען דאָס אַ מאָל דערציילן איר טאָכטער? — וועט מען דאָס דערלעבן? — הלוואי, חנהקע!...

אפשר קענסטו, חנהקע, זען אין דיין חלום דיין מאַמע, וואָס שלייכט זיך דורכן גרויסן בראַניצקי־שלאָס? אפשר וועט זי, דיין מאַמע, שפּעטער, ווען די נאַצים וועלן שוין זיין געשלאָגן, הערן וואָס זי האָט אויפגעטאָן מיט איר שליחות?

דערווייל מוז דאָס אַלץ פאַרבלייבן אַ סוד — אפילו פאַר דער אייגענער טאָכטער חנהקע.

דאַרף שיינע אַרויסגיין פון פּאַלאַץ דורך דעם זעלבן טונעל־וועג דורך וועלכן זי איז געקומען. קיינער טאָר איר נישט זען, קיי־נער טאָר נישט דערהערן איר גאַנג. זי האַלט שוין באַלד ביים

אַרויסגאַנג, עס ווילט זיך איר שנעל אַ לויף טאָן — ניין, לויפֿן טאָר מען נישט, מען דאַרף גיין שטיל, רויִק. זי גייט דורכן וועג וואָס פירט אַרויס צו אַלעיאַוועער גאַס. זי קומט אַרויס, דרויסן שטייען רויִק די הייכע ביימער, זיי שווייגן, זיי האַלטן דעם סוד. שטעלט זיך אָפּ שיינע ביי אַ בוים, עס איז פינצטער אַרום. שיינע איז מיד, שפּאַרט זי אָן איר קאָפּ אָן בוים און ברומט צו אים אַ שטיקל פון אַ ניגון. טאָמער גייט ווער פאַרביי, זאָגט יענער צו זיך — משוגענע מענטשן דרייען זיך דאָ אַרום...

נאָך אַזאַ נאַכט, אויף מאָרגן פרי, פלעגט שיינע זיין ווי יעדן טאָג אין איר יתומים־הויז צווישן די קליינע קינדער, שפּילן זיך מיט זיי, זינגען מיט זיי. איר פּנים פלעגט דעמאָלט לייכטן. אין אירע אויגן איז געווען אַ שמייכל, אַ גלאַנץ, זי האָט דעמאָלט גע־האַט אין זיך דעם וווּנדערלעכן געפיל פון אַ זיגער.

שיינע, דו האָסט דיינס געטאָן!...

די פאַרטיזאַנער ווייסן שוין, וואָס זיי מוזן וויסן.

שיינע, דו האָסט אויסגעפירט דיין שליחות!



## זאָלן זיי אונדז פייניקן — מיר וועלן ניט רעדן קיין וואָרט!

זינט שיינע האָט איינגעשטעלט די פאַרבינדונג מיט די פאַרטיזאַנער, איז די אומלעגאַלע אַרבעט זיך נאָך מער פונאַנדערגעוואַקסן. שליחים פון געטאָ פלעגן אַריבערגיין אויף דער אַרישער זייט. יונגע מענטשן פון געטאָ פלעגן אַוועקגיין אין וואַלד צו די פאַרטיזאַנער. אין די גרויסע ביאַלאָוועזשער וועלדער איז אפילו געשאַפן געוואָרן אַ באַזונדערע ייִדישע פאַרטיזאַנער גרופּע. זי האָט געהייסן „פאָרווערטס" און זי האָט זיך העלדיש געשלאָגן מיט די דייטשן. אויף דער אַרישער זייט פלעגט מען קענען קויפן אַ ביסל געווער: אַ מאָל אַ רעוואָלווער, אַ מאָל אַן אַלטע ביקס, אַ מאָל אַ ביסל קוילן. טאַקע זייער ווייניק — אָבער בעסער ווי גאָרנישט. די יונגע בחורים, יוספס חברים, האָבן אָנגעהויבן פּראָדוצירן אין געטאָ אויפרייס-מאַטעריאַל. זאָל מען נאָר ברענגען פון דער אַרישער זייט די נייטיקע כעמישע מאַטעריאַלן!

מען האָט געדאַרפט האָבן אויף דער אַרישער זייט אַ פּלאַץ, אַ דירה, וווּ די אומלעגאַלע קורירן זאָלן קענען קומען און איבערגעבן זייערע ידיעות, וווּ זיי זאָלן קריגן די אינפאָרמאַציעס פון געטאָ. דאָרט זאָל מען פאַר זיי מאַכן פאַלשע דאָקומענטן, אַז זיי

זיינען מכלומרשט פּאַליאַקן. פון דאָרטן וועט מען אַריבערשמוגלען געוווער.

האָבן די פירער פון דער אונטערערדישער באַוועגונג וועגן דעם געהאַט אַ זיצונג.

— וועמען זאָל מען אויסקלייבן?

— אויף וועמען קען מען זיך פאַרלאָזן?

— ווער איז דרייסט גענוג?

— ווער וועט קענען האַלטן אַ סוד — אויב מען פאַלט אַריין צו די דייטשן אין די הענט?

איז געפאַלן דער באַשלוס:

חנהקע! די יִינגסטע פון אַלע — איז די בעסטע!

זי איז דרייסט. זי איז פאַראַנטוואָרטלעך. זי איז בלאָנד און זעט אויס ווי אַ שיקסע.

איז מען פריִער אַוועק צו חנהקען.

— חנהקע, דאָס איז אונדזער באַשלוס: דו מוזט אַוועקגיין פון געטאָ. דו וועסט זיין אונדזער פאָרשטייערין אויף דער אַרי־שער זייט.

— איך?

— יאָ, דו.

חנהקע האָט נישט געפרעגט פאַר וואָס מען האָט איר אויס־געקליבן. אַז מען האָט איר באַשטימט — מסתמא איז אַזוי ריכטיק.

דער פאָרשטייער פון דער אונטערערדישער אָרגאַניזאַציע האָט ווייטער גערעדט:

— דו ווייסט, ווי געפערלעך די אַרבעט איז. דו ווייסט, אַז יע־דע רגע וועסטו קענען אַריינפאַלן. דו וועסט דאָרטן זיין איינע אַליין. טאָמער פאַלסטו אַריין אין די נאַצישע הענט — איז עס דער סוף.

חנהקע האָט געשוויגן.

דער פאָרשטייער פון דער אונטערערדישער אָרגאַניזאַציע האָט ווייטער גערעדט:

— מיר האָבן דיר אויסגעקליבן. אָבער צי דו ווילסט גיין און איינשטעלן דאָס לעבן — דאָס זאָלסטו אַליין באַשטימען!

חנהקע האָט אויך איצט גאָרנישט גערעדט. זי האָט נאָר אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אויף יאָ. זי נעמט אָן די אַרבעט.

דערמיט איז דער שמועס געווען פאַרענדיקט.

שפּעטער איז דער פירער פון דער אונטערערדישער אָרגאַניזאַציע אַוועק צו שיינען אין צימער אין יתומים־הויז און געמאָלדן:

— די אָרגאַניזאַציע האָט באַשלאָסן, אַז דו און דיין טאָכטער טאָרן מער נישט וווינען צוזאַמען. עס איז צו געפערלעך. מען מוז זיך מער היטן. חנהקע מוז אַוועק און וווינען ערגעץ אַנדערש ווו. דו וועסט איר נישט קענען זען.

— וווּהין זאָל גיין חנהקע? ווו וועט זי וווינען? מיט וועמען וועט זי זיין? ביי וועמען? — האָט שיינע געפרעגט.

— רעדן וועגן דעם דאַרף מען נישט — האָט מען געענטפערט.

שיינע האָט גלייך פאַרשטאַנען, אַז חנהקע גייט אַרויס פון געטאָ. זי האָט אָבער מער גאָרנישט געפרעגט. אַז מען באַשטימט — איז עס זיכער וויכטיק. שיינע ווייסט, אַז אין אַן אונטערערדי־שער אָרגאַניזאַציע טאָר מען נישט פרעגן: „פאַר וואָס?"

האָט זי געשוויגן.

חנהקען האָט מען אָנגעזאָגט:

די געהיימע אָרגאַניזאַציע באַזאָרגט פאַר דיר אַ קליין צי־מערל אין „ביאַלעסטאָטשעק", אויף דער אַרישער זייט. אין אַ פּאָר טעג אַרום וועסטו אַהין אַוועקגיין. מען וועט צו דיר קומען, מען וועט צו דיר ברענגען ווערטער פון דיין מאַמען, דו וועסט קענען שיקן אַ פּאָר ווערטער צוריק צו איר. דו זאָלסט קיינעם גאָרנישט דערציילן!

— חנהקע, דו און דיין מאַמע טוען אַ וויכטיקע אַרבעט...

זייער שווער געווען שיינען זיך צו שיידן מיט איר טאָכטער. נישטאָ אָבער קיין ברירה. אַזוי האָט מען אָנגעזאָגט פון דער גע־היימער אָרגאַניזאַציע, מוז מען פאָלגן.

פאַרן צעשיידן זיך האָט שיינע געזאָגט איר טאָכטער:

— „נישטאָ וואָס צו פאַרלירן, דאָס לעבן ביי די נאַצים איז דאָך גאָרנישט ווערט. שטאַרבן אין קאַמף איז אַ גרויסער כבוד!"

די מאַמע האָט גערעדט צו איר טאָכטער:

— טאָמער פאַלט מען אַריין צו די מערדער אין די הענט — זאָל מען האַלטן דעם סוד פון דער אונטערערדישער אָרגאַניזאַציע! דאָס איז דער הייליקער סוד. מען מוז שיצן די חברים, וואָס וועלן פאַרבלייבן און ווייטער פירן דעם קאַמף. זאָלן זיי אונדז שרעקן און מאַטערן — אָבער — נישט אויסזאָגן! זאָלן זיי אונדז ווי שטאַרק פייניקן — מיר שווייגן! קיין וואָרט נישט ריידן!

חנהקע האָט גוט אויסגעהערט איר מאַמעס רייד, און איר מאַמע האָט נאָך אַריינגעשעפּטשעט אין איר אויער, אַז קיינער זאָל נישט הערן:

— „חנהקע, דו זאָלסט אויסהאַלטן!" „דו מוזסט אויסהאַלטן!"

חנהקע האָט געענטפערט אָן אַ קול און אָן ווערטער, נאָר מיט אירע אויגן: — יאָ, מאַמע, איך וועל...

נאָך דעם שמועס האָט חנהקע געוווּסט איינס — זיכער: „עס וועט קומען די שעה"...

איר לעבן האָט דעמאָלט באַקומען אַ גרויסן זינען. דאָס לעבן פון אַ קעמפערין.

איצט האָבן שוין ביידע, שיינע און חנהקע, געוווּסט, אַז דאָס לעבן זייערס געהער מער נישט צו זיי...

חנהקע האָט כסדר איינגעחזרט אין זיך איר מאַמעס אָנזאָג: מען דאַרף נישט ריידן! מען טאָר נישט דערציילן, מען מוז שווייגן! מען געהערט דאָך צו אַ געהיימער וועלט. איז גרינגער אויסצו־האַלטן, איבערצוטראָגן. מען פאַרלירט די מורא פאַרן טויט. עס צעשפּילט זיך די פאַנטאַזיע און עס הייבט זיך אָן אין זיך אָן אַנ־דער לעבן. מען איז אין אַן אַנדער וועלט.

באַלד איז געקומען די נאַכט פון צעשיידונג. עס איז געווען ווינטער. מען האָט חנהקען אַוועקגעפירט אויפן בית עלמין. דאָרט,

אין פאַרקאַן אַרום „בית עלמין, האָט מען אָפּגערוקט אַ ברעט און די דאַרע חנהקע האָט זיך אַדורכגעשטופּט. איצט איז זי שוין גע־ווען אויף „דער אַרישער זייט. זי איז שנעל אַוועק אויפן אַדרעס וואָס איז איר געגעבן געוואָרן. בלויז איין מאָל „האָט זי זיך אומ־געקוקט אויף צוריק. פון דערווייטנס האָט זי געזען שיינען, איר מאַמען, „איינגעהילט „אין אַ גרויסן שוואַרצן טוך. זי איז געשטאַנען צווישן די צעוואָרפענע קברים, באַווייסטע מיט שניי. זי האָט אויף שנעל צו איר אַ מאַך געטאָן מיטן האַנט. דאָס האָט געהייסן:

— זיי געזונט, מאַמע!

און נאָך עפּעס:

— איך געדענק וואָס דו האָסט מיר אָנגעזאָגט: זאָלן זיי מיר אַפילו פייניקן — איך וועל נישט רעדן קיין וואָרט!



## חנהקע אַרבעט אין דער... געשטאַפּאָ!

שיינע האָט נישט געוווּסט, אַז ווען זי שטעלט איין איר לעבן און גייט ביי נאַכט דורכן טונעל צו דעם נאַציישן שטאַב אין בראַ־ניצקים שלאָס, גייט איר טאָכטער, חנהקע, צו פּונקט אַזאַ געפֿער־לעכן פּלאַץ: זי גייט אַרבעטן אין דער געביידע פֿון דער געשטאַפּאָ!

געוווען איז אַזוי:

מען האָט חנהקען געדונגען אַ צימערל, אין אַ קליין הויז פֿון אַ יונגער פּוילישער פֿרוי אויף וועסאָלאַ גאַס. „וועסאָלאַ" הייסט אויף פּויליש „פֿריילעך". אָבער חנהקע האָט זיך דאָרטן פֿאַרנומען מיט זייער ערנסטע זאַכן.

אין איר צימערל פֿלעגן פֿון צייט צו צייט אַריינפֿאַלן ייִדישע שליחים פֿאַרשטעלטע ווי פּאָליאַקן. זיי פֿלעגן קומען פֿון אַנדערע שטעט. זיי פֿלעגן איבערגעבן וואָס דאָרט קומט פֿאָר. חנהקע פֿלעגט דאָס גוט פֿאַרגעדענקען. שפּעטער פֿלעגט קומען אַ מיידל פֿון געטאָ — און זי פֿלעגט איבערנעמען די נייעס.

אַן אַנדער מאָל פֿלעגט זיך באַווייזן אַ מענטש און פֿלעגט זאָגן איין וואָרט, אַ סיגנאַל. חנהקע האָט געוווּסט, אַז דער מענטש קומט פֿון די וועלדער, פֿון די פּאַרטיזאַנער. זי פֿלעגט אים איבערגעבן ידיעות, וואָס זיינען פֿאַר אים געווען וויכטיק. די ידיעות פֿלעגט זי קריגן פֿון „האַלינאַ", אירע אַן עלטערע חבֿרטע, אַ פֿירערין פֿון

דער אונטערערדישער באַוועגונג אין געטאָ, וואָס פלעגט קומען צו איר און פלעגט אָפט איבערנעכטיקן אין איר צימערל. חנהקע האָט נישט געוווּסט פון וואַנען די ידיעות שטאַמען.

האָט זי זיך דען געקענט פאָרשטעלן, אַז דאָס זיינען ידיעות געבראַכט פון איר מאַמע שיינע דורכן אונטערערדישן טונעל אין אַנגערם באַרג?

שיינע האָט נישט געוווּסט, אַז דאָס שיקט זי צו איר אייגענער טאָכטער איבער די וויכטיקע נייעס און פון איר גייט עס ווייטער — אין די וועלדער...

אַלץ האָט געמוזט זיין אַ סוד!

איין מאָל האָט מען צו איר אין צימערל געבראַכט אַ גאָר וויכטיקע „מתנה". פון שטעטל דרוסקעניק האָט אַ אומלעגאַלער קוריער געבראַכט אַ פּאַק מיט ליידיקע געבורטס-שיינען, וואָס ער האָט דאָרטן געקויפט ביי אַ באַאַמטן. דאָס איז געווען אַ גאָר וויכטיקע זאַך. מען האָט שנעל געמאַכט אַ פאַלשן שטעמפּל און חנהקע איז געוואָרן די באַלעבאָסטע פון אַ „פאַבריק" פון פאַלשע דאָקומענטן.

פלעגט אַ שליח פון געטאָ זיך דאַרפן לאָזן אין וועג — פלעגט ער קומען צו חנהקען. זי פלעגט פאַר אים מאַכן אַ פאַלשן דאָקומענט, ארויפקלעפּן זיין פאָטאָגראַפיע, ארויפלייגן אַ שטעמפּל, אויפשרייבן אַן אויסגעטראַכטן פּוילישן נאָמען. פלעגט ער זיך לאָזן אין וועג ווי אַ פּאָליאַק, אַן „אריער".

האָט אַ מאָל אַ ייִד באַוויזן צו אַנטלויפן פון קאָנצענטראַציע-לאַגער, פון אַ „טויטן-לאַגער" — פלעגט ער דאַרפן האָבן אַ פאַלשן דאָקומענט. חנהקע פלעגט דאָס אים באַזאָרגן.

פלעגן יונגע לייט זיך לאָזן אין די וועלדער, צו די פּאַרטיזאַנער — וואָס וועלן זיי הייזן אויב אַ דייטש וועט זיי אָפּשטעלן?

אַן „ארישן דאָקומענט", וואָס חנהקע האָט אויסגעאַרבעט אין איר „פאַבריק"!

פֿאַר דער אַרומיקער וועלט איז זי געווען אַ פּוילישע שיקסע, וואָס איז נאָר וואָס געקומען פֿון דאָרף.

די באַלעבאָסטע פֿון הויז פֿלעגט איר אָפֿט איינלאַדן צו זיך. ביי איר, ביי דער פּוילישער באַלעבאָסטע, איז געווען פֿריילעך. זי האָט געהאַט אַ חתן, אַ דייטש, וואָס האָט געאַרבעט אין דער געשטאַפּאָ. פֿלעגט ער ברענגען שאָקאָלאַד, בראָנפֿן, פֿלייש און מען פֿלעגט דאָרטן הוליען. אַז מען האָט איינגעלאַדן חנהקען — האָט זי געמוזט קומען און זי האָט געמוזט מאַכן אַן אָנשטעל אַז עס איז איר זייער פֿריילעך.

אָבער אין האַרצן האָט זי בעת מעשה געוויינט.

פֿון געטאָ זיינען אין יענער צייט אָנגעקומען שרעקלעכע ידיעות. די דייטשן האָבן זיך ווידער גענומען אויסשעכטן די ייִדן.

— וואָס מאַכט מיין מאַמע? לעבט זי? האָט מען איר דער־הרגעט בעת דער לעצטער שחיטה? האָט מען איר נישט אַוועקגע־שלעפּט אין די גאַז־קאַמערן פֿון טרעבלינקע?

יעדעס מאָל, ווען אַזעלכע ידיעות פֿלעגן צו איר קומען, פֿלעגט זי וועלן לויפֿן צוריק אין געטאָ, צו איר מאַמע, צו אירע חברים און חברטעס.

— דו טאָרסט אַפֿילו וועגן דעם נישט טראַכטן! — האָט איר שטרענג אָנגעזאָגט איר עלטערע חברטע „האַלינקע" — דו טוסט אַ וויכטיקע אַרבעט פֿאַר אונדז אַלעמען!

חנהקע האָט פּלוצלינג דערפֿילט אַז זי קען ציִען די אויפֿמערק־זאַמקייט פֿון איר באַלעבאָסטע מיטן זיין צו פֿיל אין שטוב. יענע וועט זיך אָנהייבן וווּנדערן: פֿון וואַנען האָט איר יונגע שכנה געלט צום לעבן?

זיין פֿאַרנומען מיט דער „דאָקומענטן־פֿאַבריק" איז נישט גע־נוג. האָט חנהקע געפֿרעגט איר באַלעבאָסטע:

— אפֿשר ווייסט איר, ווער עס דאַרף אַ דינסט אויף אַ פּאָר שעה אַ טאָג?

— איך וועל זיך דערוויסן — האָט די באַלעבאָסטע געענט־פערט.

נאָך דעם זעלבן אָוונט האָט זי אַריינגערופן חנהקען צו זיך. דאָרטן, ביים טיש, איז געזעסן דער באַלעבאָסטעס חתן, ווילי, דער געשטאַפּאָ־מאַן.

— ווילסט טאַקע גיין אַרבעטן אַלס אַ דינסט? — האָט ער איר געפרעגט.

— זיכער! — האָט חנהקע געענטפערט.

— האָב איך פאַר דיר אַרבעט!

— וווּ?

— טאַקע ביי אונדז אין דער געשטאַפּאָ! אויף אַגראָדאָווע גאַס. אויף די אייבערשטע שטאָקן פון הויז וווינען די אָפיצירן. מען דאַרף קומען יעדן טאָג אין דער פרי און אויפראַמען זייערע צימערן.

געשטאַפּאָ! — אַ ציטער איז אַדורך חנהקעס ביינער.

„געשטאַפּאָ" מיינט „געהיימע שטאַטס־פּאָליציי". דאָס איז דאָך די דייטשע פּאָליציי, וואָס גיט זיך אָפּ מיט מאָרד און מיט פּייני־קונגען. זי פירט אָן מיט די שחיטות. אַז מען פאַלט אַריין אין די הענט פון דער „געשטאַפּאָ" — גייט מען נישט אַרויס קיין לעבע־דיקע!

איצט דאַרף זי, אַ ייִדישע מיידל, גיין אַרבעטן אין דער געש־טאַפּאָ! אָבער זי טאָר זיך נישט וואַקלען! זי טאָר נישט אַרויסווייזן איר מורא. דער געשטאַפּאָ־אָפיציר, ווילי, מיינט דאָך, אַז זי איז אַ פּוילישע שיקסע.

— איך דאַנק אייך זייער, הער לויטענאַנט — האָט זי געזאָגט.

— איך וועל מאָרגן קומען.

אויף צו מאָרגנס איז זי אַוועק אַהין. אַריין דורך דער ברייטער טיר מיטן שרעקלעכן אויפשריפט „געשטאַפּאָ", אַרויף אויף די טרעפּ, גענומען די באַרשט און אַן עמער מיט וואַסער און זיך גע־שטעלט אַרבעטן.

ווי האָט חנהקע זיך אויסגעלערנט ווי אַזוי אַ דינסט אַרבעט?

אַז מען מוז, לערנט מען זיך אויס!

די אַפיצירן פון דער געשטאַפּאָ זעען ווי דאָס מיידל ראַמט די צימערן ווישט דעם שטויב. אַט שטייט זי אויף די קני און וואַשט די פּאָדלאָגעס. זיי זיינען צופרידן מיט איר אַרבעט.

— דו מאַכסט עס גוט! — זאָגן זיי איר.

פון וואַנען זאָלן זיי וויסן, די דייטשן, אַז זייער דינסט איז גאָר אַ יידיש מיידל, חנהקע, פון דער אונטערערדישער באַוועגונג? חנהקע רעדט צו זיי פּויליש, וואַרפט אַריין אַ פּאָר ווערטער דיי־טשע, רעדט הויך און טומלדיק ווי אַ פּראָסטע שיקסע.

אָבער איר האַרץ קלאַפּט שנעל. יעדע רגע קען מען איר דאָך דערקענען! דאַן קומט דער טויט!

— איך האָב מורא, אַז איך וועל זיך אַליין „פאַרשיטן" — פאַרטרויט זי אין אָוונט פאַר „האַלינקען".

— האָב נישט קיין מורא. זעסט דאָך אַז די דייטשן גלייבן דיר. — ענטפערט „האַלינקע".

און זי גיט נאָך צו:

— האַלט אָפן די אויגן! שפּיץ אָן די אויערן! אפשר וועסטו פון די געשטאַפּאָ־אָפיצירן אונטערהערן נייעס, וואָס קען אונדז צו־נוץ קומען.

גייט זי אויף צו מאָרגנס ווידער אין דער געשטאַפּאָ־געביידע אויף אַגראַדאָווע גאַס.

וואָס טראַכסטו, חנהקע, ווען דו קערסט דאָס מיסט פון די צימערן ביי די דייטשע אָפיצירן?

— אַזוי ווי מיסט וועט מען אייך אויסקערן, בלוטיקע מערדער! אַזוי ווי איך וואַרף אין פייער דעם שמוץ — אַזוי וועט די וועלט וואַרפן אין פייער אייער שמוציקן דריטן רייך, מיט אייער פירער היטלער מיט אייך אַלעמען!

ביי טאָג וואַשט זי די פּאָדלאָגעס אין די נאַצישע צימערן. איר פלייצע איז איינגעבויגן. ווען קיינער זעט נישט, מורמלען אירע ליפּן:

— מאַמע, ווען דו זאָלסט וויסן, ווו דיין טאָכטער געפינט זיך איצט!

אין אָוונט ביי זיך אין צימערל איז זי פאַרנומען מיט דער „דאָקומענטן־פאַבריק", מיט די געהיימע טווּנגען אַלס קוריערין פון דער פרייהייט־באַוועגונג, אַלס קעמפערין קעגן די נאַצים.



## שיינע, דיין טאָכטער איז ביי די מערדער אין די הענט!

עס זיינען אַוועק טעג און נעכט, צערודערטע, טרויעריקע — די לערערין שיינע האָט גאָרנישט געהערט פון איר טאָכטער חנהקע. עס מוז זיין נישט גוט מיט איר. וויבאַלד זי לאָזט גאָרנישט וויסן וועגן זיך, מוז זיין שלעכט.

שווייג, שיינע, שטום, און — וואַרט. דו וועסט זיך דערוויסן.

און זי האָט זיך דערוווּסט.

עס איז געווען אין מיטן נאַכט. שיינע איז געזעסן ביים טישל אין איר צימערל און געהערט אַ קלאַפּ אין טיר: זי האָט זיך אויפגעהויבן און געעפנט די טיר אַ קוק צו טאָן — ווער קלאַפּט דאָס?

ביי דער טיר איז געשטאַנען אַ „דאָרפישע גויע״ מיט אַ גע־בלימט טיכל איבער איר קאָפּ. זי דאַרף נייטיק האָבן שיינען. זי האָט איר עפּעס וויכטיקס צו זאָגן.

שיינע איז געוואָרן געשפּאַנט. די „דאָרפישע גויע״ האָט גע־שעפּטשעט צו איר פאַרזיכטיק, קיינער זאָל נישט דערהערן די טרויעריקע נייעס.

— חנקה איז פאַרהאַלטן געוואָרן.

י׳ ח

— ווּ איז זי? — האָט שיינע געפרעגט מיט אַ ציטער.
— אין טורמע.
— לעבט זי?
— יאָ, זי לעבט.
וויל שיינע וויסן מער:
— וואָס איז געשען? ווי אַזוי?

עס איז נישטאָ ווער עס זאָל איר דאָס דערציילן. מען ווייסט נישט. חנהקע איז מער נישטאָ אין איר צימער אויף דער אַרישער זייט. מען ווייס נישט ווּ זי איז אַהינגעקומען. מסתמא אַרעסטירט.

וואָס קען איצט טאָן חנהקעס מאַמע? זי קען זיך נישט איינהאַלטן פון וויינען.

האַלט זיך איין, שיינע, ווישט אוים די אויגן, די טרויעריקע אויגן דיינע, זאָל קיינער נישט זען, אַז דו וויינסט!

אָבער וואָס קען מען טאָן? מען מוז דאָך חנהקען ראַטעווען! ווי אַזוי קריגט מען זי אַרוים פון די דייטשע הענט?

שיינע איז געוואָרן אין גאַנצן צערודערט, צעטומלט. זי לויפט אַוועק צו די פירער פון דער אונטערערדישער באַוועגונג:

— ווּ איז מיין קינד? ברענגט מיר צוריק מיין קינד!

אָבער יענע קענען איר נישט העלפן. זיי וויסן אַליין נישט וואָס מיט חנהקען איז געשען.

— דו מוזט האָבן געדולד. מיר וועלן זיך באַמיִען אויסצוגעפינען.

גייט שיינע צוריק אין איר צימער — מיט גאָרנישט. זי קען מער גאָר נישט טאָן. יעדע רגע קען דאָך ווערן שפּעט!

קומט מען צו איר מיט פראַגעס וועגן דער אונטערערדישער באַוועגונג, וועגן די פּאַרטיזאַנער — זי הערט אפילו נישט וואָס מען רעדט צו איר:

— ווּ איז מיין קינד? ברענגט מיר צוריק מיין קינד, גיט מיר מיין חנהקען, זאָגט מיר דעם אמת, לעבט זי? — שעפּטשען אירע ליפּן.

גייען די פירער פון דער אונטערערדישער באַוועגונג אַוועק מיט גאָרנישט.

— אויב חנהקע וועט נישט זיין, וועל איך אויך נישט זיין — זאָגט זיי שיינע פאַרן אַוועקגיין.

ערשט אַז זיי גייען אַוועק — פאַלט שיינע צו צום קישן פון איר בעט און וויינט.

קומט אָן די נאַכט. שיינע איז אַליין אין איר צימערל. שלאָפן קען זי נישט. ליגט זי און שעפּטשעט צו זיך אַליין:

— דיין מאַמע, חנהקע, קען נישט לעבן אָן דיר. באַווייז זיך צו מיר. איך קען נישט שטאַרבן איידער איך וועל דיר זען. נאָך דעם וועל איך קענען צומאַכן די אויגן און גיין פון דער וועלט...

אירע ליפּן באַוועגן זיך פון מאָל צו מאָל. עס הערן די ווענט, אָבער די ווענט ענטפערן נישט. רעדט שיינע ווייטער צו זיך אַליין אין דער שטיל, ווי זי וואָלט געוועזן געריירט פון זינען. זי רעדט אָן ווערטער.

אַזוי פלעגט איר מאַמע, אין שווערע שעהען, רעדן צו גאָט.

די נאַכט גייט אַוועק. אַט ווערט שוין ליכטיק. אפשר, אפשר וועט דאָך קומען עפּעס אַ בשורה פון חנהקען?

די פירער פון דער אונטערערדישער באַוועגונג האָבן באַשלאָסן:

— מיר מוזן זיך דערוויסן וואָס עס איז געשען מיט חנהקען! מיר מוזן ענטפערן שיינען אויף אירע פראַגעס, ווייל אַזוי קען זי נישט אָנגיין מיט איר אַרבעט!

אויב זי איז נישט גלייך דערהרגעט געוואָרן דורך די דייטשן, — מוז זי דאָך זיין אין טורמע!

ווי דערגייט מען אָבער, וואָס עס קומט פאָר אין טורמע?

האָט מען זיך דערוווּסט וועגן אַ יידישן פורמאַן, וואָס פלעגט יעדן טאָג אַריינפאָרן מיט זיין פערד און וואָגן אין תפיסה אַריין. ער פלעגט אַהין אַריינברענגען זאַכן און פון דאָרט אַרויספירן מיסט.

האָט מען אים אָנגעזאָגט:

— געפין אוים צי איז דאָרטן דאָ אַ יונגע מיידל מיטן נאָמען חנהקע! זי איז אַ דאַרע, אַ בלאָנדע, מיט אַ שמאָלן פּנים!

עס האָט געדויערט עטלעכע טעג. דער פורמאַן האָט דאָרט געקענט עטלעכע וועכטער, אַ פּאָר דייטשן, האָט ער אַזוי לאַנג גע־נישטערט, ביז ער האָט זיך דערוווּסט. און געקומען מיטן ענטפער:

— פאַראַן! יאָ, אין דער ביאַליסטאָקער תּפיסה איז פאַראַן אַזאַ מיידל, מיטן נאָמען חנהקע!

האָט מען דורך אים אָנגעהויבן אַריינשיקן צעטעלעך צו חנהקען, צו די אַנדערע אַרעסטירטע. אויף די צעטעלעך זיינען געווען אָנ־געשריבן עטלעכע פראַגעס:

— וואָס איז געשען מיט חנהקען? פאַר וואָס האָט מען איר אַרעסטירט? וואָס מאַכט זי?

האָט ווייטער געדויערט עטלעכע טעג, ביז עס איז געקומען צוריק אַ צעטעלע — נישט פון חנהקען, נאָר פון אַן אַנדער אַרעס־טירטע:

— חנהקע איז דאָ ביי אונדז אין טורמע. מען שלאָגט זי, מען שטעלט איר פראַגעס און זי, — זי שווייגט...

האָט מען דאָס דערציילט שיינען.

— זי שווייגט! — האָבן אירע ליפּן געשעפּטשעט — אַזוי ווי איך האָב איר אָנגעזאָגט!

האָט מען ווייטער געשיקט בריוולעך אין טורמע. מען האָט זיך דערוווּסט וועגן נאָך אַ ייִדן, וואָס קומט אַריין צום שעף פון דער תּפיסה. האָט מען אויך אים אָנגעזאָגט:

— דערוויס זיך וואָס מען וויל פון חנהקען! וואָס פרעגט מען איר?

אָט וואָס מען האָט זיך דערוווּסט:

חנהקע איז מיט אירע פאַלשע פּאַפּירן געגאַנגען זיך רעגיסט־רירן אין דייטשן אַרבעטס־אַמט. דאָרט, אויף אירע דאָקומענטן איז געווען אָנגעשריבן, אַז זי איז אַ שיקסע פון שטעטל דרוסקעניקי. מען האָט זי שוין געוואָלט רעגיסטרירן ווען עס איז צוגעקומען אַ

העכערער באַאַמטער, וואָס האָט גענומען איבערקוקן די פּאַפּירן פון אַלע, וואָס זיינען געשטאַנען אין דער רייע. אַז ער איז צוגע־קומען צו חנהקעס פּאַפּירן, האָט ער געזאָגט: „דרוסקעניקי"! ער האָט זי גלייך אַרויסגענומען פון דער רייע און אַריינגעפירט אין אַ צווייטן צימער. באַלד איז געקומען פּאָליציי און מען האָט איר אוועקגעפירט אין טורמע. מען האָט איר נישט געזאָגט פאַר וואָס מען אַרעסטירט איר. מען האָט איר גאָרנישט געפרעגט. ערשט אַ פּאָר טעג שפּעטער איז קלאָר געוואָרן, אַז שולדיק זיינען געווען די „דרוסקעניקער פּאַפּירן".

לעצטנס האָבן די דייטשן געכאַפּט צוויי שליחים פון דער ייִדי־שער אונטערערדישער באַוועגונג מיט געווער, און ביי ביידן האָט מען געפונען פאַלשע פּאַפּירן פון דרוסקעניקי. האָבן זיי פאַרשטאַ־נען, אַז עס מוז זיין ערגעץ ווו אַ געהיימע ייִדישע אָרגאַניזאַציע, מיט אַ „פאַבריקל" וואָס מאַכט די דאָזיקע דאָקומענטן. אָט די אָר־גאַניזאַציע גיט עס אַרוים די אומלעגאַלע אויפרופן און זי העלפט די פּאַרטיזאַנער.

— „מען מוז געפינען ווו דער שטאַב פון דער אונטערערדישער ייִדישער אָרגאַניזאַציע געפינט זיך!" — האָט באַפוילן דער שעף פון דער געשטאַפּאָ, **ריכאַרד דיבוס**.

— איר מוזט געפינען די אָנפירער פון דעם ייִדישן בונט! — האָט ער געריטשעט אויף זיינע באַאַמטע.

עס איז געווען צו דערקענען, אַז חנהקעס דרוסקעניקער פּאַ־פּירן זיינען אויך פאַלשע. זיינען די געשטאַפּאָ-לייט אוועק צו חנה־קעס דירה. די באַלעבאָסטע האָט זיך זייער דערשראָקן. זי האָט זיי גלייך דערציילט דעם אמת, אַז חנהקע האָט געוווינט ביי איר. יאָ, עס פלעגן צו איר אַריינקומען יונגע מענטשן, עלטערע פון איר. זיי פלעגן זיין אַ פּאָר מינוט, עפּעס שמועסן שטילערהייט — און אוועקגיין. בלויז איין יונגע פרוי פלעגט קומען עפטער און פאַר־בלייבן לענגער. זי פלעגט אפילו אַ מאָל איבערנעכטיקן. זי האָט געמוזט זיין די וויכטיקסטע פון זיי אַלע.

— מען רופט איר „האלינא” — האָט די באַלעבאָסטע געדענקט.
איצט איז דיבוק געוואָרן מלא שמחה. ער איז געפאַלן אויפן שפור פון שטאָב פון יידישן אונטערגרונט! ער וועט איצט פּאַקן די פירער!
פאַר דעם וועט ער קריגן אַ מעדאַל פון היטלערן אַליין.
ער האָט פאַרשטאַנען אַז חנהקע, דאָס יונגע מיידל, איז נישט די הויפּט־אָנפירערין. ער איז אָבער געווען זיכער, אַז זי וועט ריידן, און דאָס וועט אים דערפירן צום ציל.
האָט ער שטרענג אָנגעזאָגט דעם נאַטשאַלניק פון תפיסה:



(זאָג, ווער עס איז דײַן חברטע ?)

— מיט גוטן, אָדער מיט שלעכטן — דאָס יידישע מיידל מוז אונדז אויסזאָגן דעם אמת!
ברענגט מען חנהקען אין אויספאָרשונגס־קאַמער. מען פרעגט איר נישט ווער זי איז. מען פרעגט נישט ווו איר משפחה איז. מען פרעגט איר נאָר:
— ווו האָסטו גענומען אָט דעם פאַלשן דאָקומענט?

— ווער איז עם דיין חברטע האלינקא, וואָס פלעגט קומען צו דיר אויף וועסאָלאָ גאַס נומער זיבן?

אָבער — חנהקע שווייגט!

„גאָרנישט ריידן, גאָרנישט דערציילן" — האָט דאָך די מאַמע איר אָנגעזאָגט.

זי האָט צוגעזאָגט און זי וועט איר צוזאָג האַלטן.



## די יונגע מלכה פון טורמע זינגט אין די נעכט...

א פאר טעג האט מען צו חנהקען גערעדט, געשריגן, געסטראַשעט. אז זיי האבן געזען אז מיט דעם טוען זיי גארנישט אויף, האבן די דייטשן גענומען זי שלאגן.

די נאציס האבן חנהקען געשלאגן אן רחמנות. זיי זיינען געווען אין כעס אויף איר, פאר וואס זי שווייגט. זי ענטפערט נישט אויף קיין איין פראגע, וואס די פארשער אין טורמע פרעגן איר.

ניין, זי ווייסט גארנישט. און אז דער נאצי שלאגט איר, שווייגט חנהקע נאך ביטערער. וי האלט איר מויל פארשלאסן. בעסער שטארבן, איידער ריידן!

יעדן טאג די זעלבע זאך:

— רעד א ווארט, מיידל, דערציילֿ, וועלן מיר דיך ארויסלאזן פון טורמע.

— ווער זיינען די פירער צווישן די ייִדן אין געטאָ?
— וואס פאר אן ארגאניזאציע שטייט הינטער זיי?
— ווער זיינען די פירער צווישן די ייִדן אין געטאָ?

— ווער איז האַלינקאַ, וואָס איז אַזוי אָפּט געקומען צו דיר?
חנהקע הערט גאָרנישט וואָס מען רעדט צו איר. זאָל דאָס מיינען — זי ווייסט נישט און פאַרשטייט נישט.
נאָך זיבעצן מיטגלידער פון דער ייִדישער אונטערערדישער אָרגאַניזאַציע זיינען דאַן געזעסן אין דער זעלבער טורמע.
חנהקע איז געווען די ייִנגסטע צווישן זיי. אַז זיי האָבן געזען, ווי זי קריגט געשלאָגן און שווייגט, האָבן זיי אַלע באַשלאָסן:
אויך מיר שווייגן!
אַזוי האָט חנהקע איינגעהיט איר מאַמעס רייד:
— זאָלן זיי פּייניקן — מיר ריידן נישט קיין וואָרט!
חנהקע איז געווען אַ שיינע, אַ בלאָנדע און אַ שלאַנקע. ווען מען לאָזט אַרויס די אַרעסטירטע פון די טורמע־קאַמערן אַ ביסל שפּאַצירן אויפן טורמע־הויף, האָט מען אויך חנהקען אַרויסגעלאָזט. פלעגט זי שפּאַצירן אַליין, אַ שווייגנדיקע. זי פלעגט גיין אַהין און צוריק אויפן טורמע־הויף אַן אויסגעצוויגענע און אַן אומעטיקע.
יעדן טאָג האָט מען זי געשלעפּט אויף אַן אויספאָרשונג. ווען חנהקע האָט אויף די פראַגן נישט געענטפערט, האָט זי באַקומען אַכזריותדיקע קלעפּ.
זי איז זייער שוואַך געוואָרן. זי האָט אָפט מאָל נישט געקענט שטיין אויף אירע פיס. ייִדן, וואָס האָבן געאַרבעט אין טורמע, האָבן געוווּסט צו דערציילן וועגן דער „מלכּה פון טורמע" — אַזוי האָט מען איר דאָרטן גערופן. מען האָט איר געזען ווי זי גייט אַרום אין טורמע־הויף, אַ הונגעריקע, אַן אויסגעדאַרטע, אַ באָר־וועסע, אירע קליידער צעפליקטע, אויף איר פּנים און אירע הענט — סימנים פון די קלעפּ, פון די פּייניקונגען...
זי גייט איבערן טורמע־הויף און אַלע יונגע אַרעסטאַנטן ציִען צו איר מיט זייערע אויגן. זי איז זייער מוסטער פון ליידן און גבורה.
אַזוי האָבן דערציילט ייִדן, וואָס מען האָט שפּעטער אַרויס־געלאָזט פון טורמע.
חנהקע האָט געוווּסט, אַז איר מאַמע, די לערערין שיינע, גע־

פינט זיך ערגעץ אויף יענער זייט פון דער טורמע־וואַנט, אָבער זי האָט איר קיין מאָל נישט געזען. זי וויל אַזוי כאָטש איין מאָל זען איר מאַמען, אָבער זי קען נישט, זי זעט נישט.

— מאַמע, ווו ביסטו? מאַמע, וואָס טוסטו? וואָס טראַכטסטו? ווייסטו, מאַמע, אַז דיין טאָכטער, חנהקע, לעבט?

אַמשטאַרקסטן האָט זי אָבער געוואָלט זאָגן איר מאַמען:

— ווייס, מאַמע, אַז איך געדענק וואָס דו האָסט מיר אָנגעזאָגט: איך שווייג!

חנהקע האָט געקענט שיין זינגען. זי האָט זיך אויסגעלערנט זינגען פון איר מאַמען. זי האָט גוט געקענט אַ סך לידער. זי זינגט אין איר טורמע־קאַמער. אפשר ווערט איר מאַמע דערהערן? ווייסט נישט חנהקע, צי איר מאַמע הערט איר אַ מאָל, דאָך — זינגט זי.

אַזוי טראָגט זיך ביי נאַכט איבערן טורמע איר אומעטיקער געזאַנג.

אין די נעכט, ווען עס האָט זיך דערטראָגן צו די אַרעסטאַנטן חנהקעס זיסער, אומעטיקער געזאַנג, פלעגן זיי זאָגן:

— די מלכה פון טורמע זינגט...



## חנהקע! דו מעגסט ריידן!

זי האָט אַלץ געשוויגן. אין טורמע האָבן זיי געזען, אַז זיי וועלן מיט קלעפּ חנהקען נישט מאַכן ריידן.

איז אַראָפּגעקומען אין טורמע דער געשטאַפּאָ־שעף אַליין, דער קליינער און מיאוסער אַלפרעד דיבום.

— דו ביסט אַ טויגעניכטס! — האָט ער געשריגן אויפן טורמע־נאַטשאַלניק. — אַזאַ קליין, דאַר, ייִדיש מיידל און דו קענסט פון איר נישט אַרויסקריגן קיין וואָרט!

— אוממעגלעך! — האָט געענטפערט דער דערשראָקענער טורמע־נאַטשאַלניק. — מען פייניקט זי יעדן טאָג און עס העלפט נישט! זי שווייגט!

דיבום מוז אָבער דווקא וויסן ווער עס זיינען די פירער פון דער ייִדישער אונטערערד, זאָגט ער:

— איך וועל מיט איר ריידן!

— רופט ער אַריין חנהקען. ער רעדט צו איר מיט גוטן:

— נאַרישע מיידל דו, ווילסטו דען נישט לעבן? זאָג ווער ביסטו און ווער זיינען דיינע פריינט, און דו וועסט פריי אַהיים צו גיין!

חנהקע קוקט אויף אים, אָבער אירע ליפּן זיינען פאַרשלאָסן.

דיבום איז אין כעס. אָבער ער באַהערשט זיך. אוודאי קען ער הייסן זיינע לייט, אַז זיי זאָלן דערהרגענען די קליינע, פאַרעקשנטע

ייִדישע מיידל. אָבער וואָס וועט ער האָבן דערפון? ער וויל דאָך קריגן דעם מעדאַל פון היטלערן!

האָט ער אַרויסגעשיקט פון טורמע זיינעם אַ מענטש, וואָס האָט אָנגעזאָגט אין געטאָ:

— זאָל דאָס מיידל זאָגן ווער עס זיינען אירע חברים, וועט מען איר אַרויסלאָזן.

איז דאָס דערגאַנגען צו דער אונטערערדישער אָרגאַניזאַציע.

זיי, די יונגע קעמפער, האָבן זייער ליב געהאַט חנהקען. זיי האָבן געוווּסט ווי איבערגעגעבן זי איז. און זיי האָבן געזען, וואָס עס קומט פאַר מיט שיינען.

שיינע איז אין גאַנצן צערודערט. זי קען גאָר נישט טאָן. זי טראַכט נאָר וועגן איין זאַך: ווי אַזוי קען מען אַרויסראַטעווען חנהקען? עס קען דאָך ווערן צו שפּעט!

די אַנטי־נאַצי־קעמפער דאַרפן זייער שטאַרק האָבן שיינען — און זיי ווייסן, אַז אויב חנהקע וועט זיצן אין טורמע, וועט איר מאַמע נישט קענען טאָן איר וויכטיקע אַרבעט.

איז זיך צונויפגעקומען די פירערשאַפט פון דער אונטערער־דישער אָרגאַניזאַציע און שנעל באַשלאָסן: מען מוז ראַטעווען חנהקען, מען מוז ראַטעווען שיינען!

זאָל חנהקע אויסזאָגן דעם אויספאָרשער אַ פּאָר נעמען. עס וועט זיי גאָר נישט שאַטן. טייל פון זיי זיינען שוין סיי ווי אַוועק־געלאָפן צו די פּאַרטיזאַנער אין די וועלדער. אַנדערע האָבן גע־טוישט זייערע דאָקומענטן און אויך זייערע וווין־פּלעצער. „האַלינ־קע" הייסט שוין איצט אַנדערש און זי וווינט אויף אַן אַנדער אָרט. זאָל איצט חנהקע אויסזאָגן די דייטשן אַ פּאָר נעמען פון דער אונ־טערערדישער אָרגאַניזאַציע. די דייטשן וועלן זיי סיי ווי נישט קענען כאַפּן.

האָט מען אַריינגעשיקט צו חנהקען אין טורמע אַזאַ צעטעלע:

— „די אָרגאַניזאַציע דערלויבט דיר צו ריידן. גיב זיי אַן די פּאָר נעמען. עס וועט קיינעם נישט שאַטן".

האָט חנהקע באַקומען דאָס צעטעלע, איבער געלייענט עס איין מאָל און נאָך אַ מאָל און עס צעריסן אויף קליינע שטיקעלעך.

— אַ שווינדל, די דייטשן נאַרן מיר אָפּ, איך גלייב עס נישט, עס קען נישט זיין אמת!

און זי האָט ווייטער נישט גערעדט.

מען האָט זי געשלאָגן, געפּייניקט, זי האָט געשוויגן. מען האָט נישט געקענט ברעכן איר עקשנות פון שווייגן.

אירע האָר אויפן קאָפּ זיינען נאָך אַלץ געקרויזט, איר פּנים צעשלאָגן, ברוין און בלוי, זי איז זייער שוואַך, אָבער אייזן־שטאַרק איז פאַרשלאָסן איר מויל.

איז פון טורמע אָנגעקומען אַזאַ ענטפער:

— זי גלייבט נישט דעם בריוול. זי זאָגט, אַז דאָס איז אַ שווינדל.

און נאָך איין אָנזאָג:

— דער געשטאַפּאָ־שעף דיבוס אַליין זאָגט צו, אַז ער וועט איר אַרויסלאָזן אַבי זי זאָל נעמען ריידן. ער וועט נאָך וואַרטן דריי טעג.

איז זיך ווידער צונויפגעקומען די פירערשאַפט פון דער ייִדי־שער קאַמף־אָרגאַניזאַציע, און מען האָט באַשלאָסן אַריינשיקן אַ צווייטן בריוול. מען האָט אויך באַשלאָסן אַז שיינע אַליין זאָל אָנ־שרייבן דאָס בריוול צו חנהקען וועגן דעם, אַז זי מעג ריידן, אַז זי מעג ענטפערן. חנהקע קען דאָך איר מאַמעס האַנטשריפט, וועט זי שוין גלייבן, אַז עס איז אַן אמת, אַז זי מעג ריידן. זי וועט פאָלגן איר מאַמען.

מען איז געקומען מיט דעם באַשלוס צו שיינען:

— נעם, שיינע, און שרייב אַ בריוול צו דיין טאָכטער חנהקע. מען וועט איר אַרויסלאָזן פון טורמע. זי וועט זיין אַ געראַטעוועטע.

שיינע קען שוין מער נישט אַריבערטראָגן איר אומגליק. די אויגן אירע זיינען טיף אַריינגעגראָבן אין די אויגן־לעכער. אַלץ

טרערן האָט זיך שוין אויסגעווײַנט. אירע באַקן זײַנען אײַנגעפאַלן, איר געשטאַלט איז אײַנגעבויגן געוואָרן, איר פּנים איז פינצטער.

— חנהקע היט אָפּ דײַן אָנזאָג נישט צו ריידן — זאָגן ווייטער די אָנפירער פון דער אונטערערדישער באַוועגונג — נאָר דו קענסט איר באַפרייען פון איר צוזאָג!

— חנהקע וועט נישט גלייבן — האָט ענדלעך שיינע געזאָגט.

— דו שרייב אָן דײַן דערלויבעניש. דיך וועט זי פאָלגן. זאָג איר אַז אַלץ איז צוגעגרייט, אַלעמען האָט מען אויסבאַהאַלטן, עס וועט קיינעם נישט שאַטן.

— זי וועט זאָגן, אַז דער בריוו איז אַ פאַלשער.

— דו וועסט אונטערשרייבן. זי קען דאָך דײַן האַנטשריפט!

—יאָג זיך צו! נישטאָ מער קיין צייט. וועסט ראַטעווען דײַן טאָכטער!

עס האָט געדויערט עטלעכע טעג. דער פורמאַן האָט דאָרט טאָכטער חנהקע דאָס בריוועלע און זיך אונטערגעשריבן:

אַ צערודערטע, אַ צעטומלטע, האָט שיינע אָנגעשריבן צו איר „דײַן מאַמע שיינע".

די אונטערערדישע אָרגאַניזאַציע איז געווען זיכער, אַז איצט וועט שוין חנהקע פאַרשטיין, אַז מען נאַרט זי נישט אָפּ, אַז זי מעג ריידן. מען האָט געקראָגן אַ טייערן גאָלדענעם זייגער און מען האָט עס געלאָזט איבערגעבן פאַר דעם מערדער דיבוס.

ער האָט געלאָזט וויסן:

— איך וועל דאָס מיידל אַרויסלאָזן. זאָל זי נאָר ענטפערן אויף צוויי פראַגעס:

ווי איז איר אמתער ייִדישער נאָמען? און וואָס איז דער אמתער נאָמען פון „האַלינקאַ"?

מען האָט געהאָפט, אַז אָט־אָט און חנהקע וועט אַרויס פון דער תּפֿיסה.



## חנהקעס לעצטע אויספאָרשונג

דיבוס, דער געשטאַפּאָ־שעף, האָט אויך געוווּסט, אַז חנהקע האָט געקראָגן אַ בריוו, אַז זי מעג שויןריידן. ער האָט געוואָרט אַז דאָס מיידל זאָל אַליין זאָגן, אַז זי איז שוין גרייט צו ריידן, צו ענטפערן אויף זיינע פראַגעס.

אין טורמע האָט מען חנהקען אָפּגעגעבן איר מאַמעס בריוול. זי האָט עס איבערגעלייענט, בלייכער געוואָרן, אירע אויגן האָבן זיך אָנגעצונדן און זי האָט באַלד דעם בריוול צעריסן.

— עס קען נישט זיין. מיין מאַמע האָט דאָס נישט געשריבן...

— חנהקע, דערקענסט דאָך דיין מאַמעס האַנטשריפט!

— עס קען נישט זיין, די דייטשן האָבן איר געצוווּנגען...

און זי האָט ווייטער געהאַלטן איר מויל פאַרשלאָסן — נישט גערעדט קיין וואָרט.

דיבוס האָט געוואָרט איין טאָג. גאָרנישט.

ער האָט געוואָרט אַ צווייטן טאָג.

גאָרנישט. חנהקע שווייגט.

עס איז אַריבער דער דריטער טאָג און חנהקע האָט גאָרנישט אָנגעזאָגט. זי איז געזעסן אין טורמע-קאַמער און — געשוויגן.

די אַנדערע יידישע אַרעסטאַנטן האָבן צו איר גערעדט:

— חנהקע, ראַטעווע דיין לעבן!

— זעסט דאָך, מען דערלויבט דיר צו ריידן!

— עס איז אַ שווינדל — האָט חנהקע געענטפערט.

— דערקענסטו נישט דיין מאַמעס האַנטשריפט? זי אַליין הייסט דיר דאָך ריידן!

— מען האָט איר געצוווּנגען! איך ווייס בעסער! מיין מאַמעס אָנזאָג איז — שווייגן! נישט ריידן!

די דריי טעג זיינען אַריבער.

דיבוס האָט לענגער נישט געוואָלט וואַרטן. עס איז אים שוין נישט געגאַנגען אין אויסגעפינען ווער עס זיינען די פירער פון דער אונטערערדישער אָרגאַניזאַציע. עס איז אים איצט געגאַנגען אין איין זאַך: ער מוז איינברעכן אָט די יונגע, דאַרע, יידישע מיידל! ער מוז געווינען די מלחמה מיט איר! עס איז שוין איצט אַ פּאַרמעסט ווער עס איז שטאַרקער: דער מעכטיקער, גרויסער, דייטשער „דריטער רייך" — אָדער איין יינג, דאַר, פאַרעקשנט יידיש מיידל.

ער האָט אַרויסגערופן חנהקען צו זיך אין צימער.

— דאָס איז דיין לעצטער שאַנס — האָט ער איר געזאָגט. — דו קענסט באַלד אַרויסגיין פריי פון דאַנען, דו דאַרפסט מיר נאָר זאָגן ווי איז דיין אמתער יידישער נאָמען און ווי הייסט דיין חבר-טע האַלינאַ!

עס איז שטיל געוואָרן אין קאַבינעט פון געשטאַפּאָ-שעף. זיי האָבן זיך ביידע לאַנג אָנגעקוקט. פון איין זייט איז געזעסן דער קליינער, עקלהאַפטער פאָליציי-שפּיאָן, דער מערדער פון טויזנטער יידן. אויף דער וואַנט איז געהאַנגען דאָס בילד פון זיין פירער אַדאָלף היטלער. דער יידן-מערדער דיבוס האָט געוואָלט אויסזען ווי זיין פירער, האָט ער זיינע האָר פאַרקעמט קרום אויפן שטערן

אַזוי ווי היטלער האָט עס געטאָן. ער האָט אָבער נישט אויסגעזען ווי אַ פירער, נאָר ווי אַ שפּין.

קעגן אים איז געשטאַנען חנהקע. זי איז געווען זייער בלייך, די שיינע בלאָנדע האָר אירע נאָך אַלץ געקרייזלט, זיינען געהאַנגען איבער איר הויכן שטערן. איר קערפּער איז געווען באַדעקט מיט ווונדן. אירע פּיס האָבן קוים געקענט אויפהאַלטן איר אויסגעדאַרטן גוף.

אָבער זי איז געשטאַנען גלייך, שטאָלץ. אירע אויגן האָבן אָן מורא געקוקט גלייך אין פּנים אַריין פון דעם דייטשן רוצח.

חנהקעס דינע ליפּן זיינען געווען פעסט פאַרשלאָסן.

איין מאָל און נאָך אַ מאָל האָט דיבום איבערגעחזרט זיינע פראַגעס. זיין צאָרן איז געשטיגן פון מינוט צו מינוט, ביז זיין כעס האָט געפּלאַצט. האָט ער אַראָפּגעלאָזט זיין קאָפּ, אַ קלונג געטאָן, עס האָט זיך באַלד באַוויזן איינער פון זיינע געשטאַפּאָ־משרתים.

— יאָוואָהל, מיין הער!

— גענוג! נעם זי אַוועק. מאַכט אַ סוף מיט איר!



## אייער סוף וועט קומען!

לאנג האט זיך דאס שוין נישט געצויגן. די דינער פון דער געשטאפא, פון די נאצים, די הערשער פון טורמע, האבן נישט געוואלט מער ווארטן, זיי האבן באשלאסן צו מאכן א סוף.

און זיי האבן געמאכט.

***

עס איז געווען א פרילינג־טאג. די שנייען אויף די פעלדער זיינען זיך צעגאנגען. אין תפיסה זיינען די ארעסטאנטן נאר וואס אויפגעשטאנען פון זייער מידן שלאף.

מיט א מאל האט מען דערהערט א גרויסן טומל. דייטשע זעלנער און וועכטער מארשירן אין די לאנגע קארידארן פון דער תפיסה. מען האט געהערט ווי מען עפנט אויף קאמערן.

שפעטער האבן יידישע ארעסטאנטן דערציילט:

— מען האט ארויסגעפירט פון די קאמערן זיבעצן מיטגלידער פון דער אונטערערדישער ארגאניזאציע. צווישן זיי, — „די מלכה פון די יונגע" — חנהקען. די ארעסטירטע אין טורמע האבן געזען דורך די טורמע־פענצטער ווי חנהקע גייט צום טויט, גייט איר לעצטן גאנג מיט א אומגעווייגלעכער ווירדע. זי גייט מיט אן אויפ־

געהויבענעם קאָפּ, שטויסט אָפּ פון זיך דעם וועכטער. ער האָט איר געגעבן אַ שטאַרקן קלאַפּ, זי איז ווייטער געגאַנגען.

מען האָט זיי אַרויסגעפירט פון טורמע און אַוועקגעפירט אויף אַ פעלד ניין מייל פון ביאַליסטאָק. דער פּלאַץ הייסט „נאָוואָסאָלקי".

דאָרטן האָט מען זיין אַלע דערשאָסן.

דאָרטן אויפן פעלד, אין אַ ברודער־קבר האָט מען זיי אַלע זיבעצן באַגראָבן.

חנהקע האָט מיטגענומען איר סוד מיט זיך — אויף אייביק.

**

און שיינע? — שיינע האָט נאָך אַלץ געוואַרט, געהאָפט, אַז אָט־אָט וועט מען איר עפּעס דאָך אָנזאָגן, עפּעס אַ ידיעה וועט מען ברענגען צו איר פון איר טאָכטער. אָבער ניין, עס זיינען אַוועק טעג אָן שום גרוס פון איר.

ביז מען האָט געבראַכט צו שיינען דעם לעצטן גרוס פון טורמע:

— חנהקע האָט נישט געגלייבט דיין בריוו. זי האָט געזאָגט: „עס קען נישט זיין, אַז מיין מאַמע האָט דאָס געשריבן! ס׳איז אַ ליגן!"

— וואָס איז געשען מיט חנהקען? — פרעגט שיינע מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם — זאָגט מיר דעם אמת, ווי שרעקלעך ער זאָל נישט זיין.

ענטפערט איר די פרוי:

— שטאַרקט אייך, דער אמת איז שרעקלעך...

צו שיינען דאַרף מען מער נישט ריידן. זי וואָלט זיך איצט פונאַנדערגעוויינט. אָבער זי האַלט זיך איין — זי וועט דאָס נישט טאָן, זי וועט נישט וויינען!

דערציילט מען שיינען: אייער בריוו האָט אויף איר נישט גע־ווירקט. זי האָט נישט געגלייבט אַז דאָס האָט איר טאַקע געשריבן, איר מאַמע האָט דאָס נישט געקענט שרייבן. זי האָט געזאָגט:

— מיין מאַמע... מיין מאַמע — מיין מאַמע האָט דאָס נישט געשריבן! סיידן אונטער צוואַנג. דער בריוו איז נישט פון מיין מאַמען!

מער האָט שיינע נישט געקענט איינהאַלטן אירע טרערן, זיי האָבן אַ פלייץ געטאָן פון אירע אויגן, הייסע, זודיקע טרערן.

זי האָט געמורמלט צו זיך אַליין:

— חנהקעלע, קינד מיינס, דו האָסט נישט גערעדט, דו האָסט געשוויגן, דו האָסט נישט געקענט גלייבן אויף דיין מאַמען... דו האָסט אויסגעהאַלטן ביזן סוף! טייער קינד מיינס, טעכטערל מיינע...

אַ ביסל שפּעטער, ווען שיינע האָט אויפגעהערט צו וויינען, האָט די פאַרשטייערין פון דער אונטערערדישער אָרגאַניזאַציע געזאָגט:

— מיר ווייסן, אַז אויפן פעלד, ווען די דייטשן האָבן אָנגעשטעלט די ביקסן, אַ רגע פאַר איר העלדישן טויט, האָט אייער חנהקע אויסגערופן:

**נאַצישע מערדער! איך האָס אייך! אייער סוף וועט קומען!**

שיינע האָט דאָס געהערט. אָבער זי האָט נישט אויפגעהערט שעפּטשען, ריידן צו זיך אַליין:

— חנהקע האָט געשוויגן... זי האָט גאָרנישט גערעדט... געווען שטום...

אין פאַרלויף פון דער נאַכט האָט שיינע געשעפּטשעט:

— עס מוז קומען די אָפּרעכענונג. זי וועט קומען! חנהקע, טייער קינד מיינס, מען וועט זיך פאַר דיר אָפּרעכענען!

און זי האָט איבערגעחזרט איר טאָכטער חנהקעס לעצטע ווערטער:

— **„נאַצישע מערדער! אייער סוף וועט קומען"!**



## אַ שטימע רעדט צו אונדז

דאָ מוז איך זיך אָפּשטעלן. ביים ברודער־קבר פון די זיבעצן יונגע ייִדישע קעמפער אויפן ווייסן פעלד אין נאָוואָסעלקי.

ביים קבר פון חנהקען, וואָס איז אַוועק פון דער וועלט מיט פאַרשלאָסענע ליפּן, מיטן סוד פון ייִדישן ווידערשטאַנד קעגן די נאַצים; ביי מיין שוועסטער שיינע, וואָס האָט אין דער נאַכט גע־חזרט איר טאָכטער חנהקעס לעצטע ווערטער.

שיינע איז מער נישטאָ. חנהקע איז מער נישטאָ. פון מיין גאַנצער משפּחה אין ביאַליסטאָק איז קיינער נישטאָ.

קיינער!

זיי זיינען אַוועק פון דער וועלט מיטן גאַנג פון די געטאָ־ייִדן.

דער נאַצי־רוצח האָט זיי אומגעבראַכט ימח שמו וזכרו!

זאָל אויסגעמעקט ווערן זיין נאָמען!

זיי זיינען נישט געגאַנגען צו דער שחיטה ווי לעמער, די ביאַ־ליסטאָקער ייִדן — ניין! זיי האָבן געקעמפט — מיט אַ רעוואָלווער, מיט אַ שטיק אייזן, מיט אַ פלאַש פון ברענענדיקע אויל. מיט די הוילע הענט. די זעכצן־יאָריקע חוה האָט געוואָרפן דעם ערשטן גראַנאַט און געטראָפן אין די דייטשן. די פופצן־יאָריקע ייִנגלעך שמואל און נחום האָבן פון אַ דאַך געשאָסן און אַוועקגעלייגט די ערשטע צוויי נאַצישע באַנדיטן.

אַ גרויסן אויפשטאַנד האָבן געמאַכט די ביאַליסטאָקער ייִדן ווען די דייטשן האָבן זיי געוואָלט אַוועקשיקן אין טויטן-לאַגער. דריי טויזנט נאַצישע זעלנער, מיט טאַנקען און האַרמאַטן, האָבן געדאַרפט קעמפן מיט די יונגע ייִדישע גיבורים.

די מיטגלידער פון דער אונטערערדישער אָרגאַניזאַציע האָבן אַרויסגעוויזן גרויסע העלדישקייט אין זייערע טראַגישסטע שעהען. אַפילו ווען זיי האָבן געזען, אַז די דייטשן זיינען שטאַרקער, האָבן זיי זיך נישט אונטערגעגעבן. זיי האָבן זיך בעסער אַליין דערשאָסן איידער אַריינפאַלן אין די הענט פון די נאַציס.

אַזוי האָט געטאָן דער קאָמאַנדיר פון די אויפשטענדלער מרדכי טענענבוים.

זיי זיינען דעמאָלט מער נישט געווען קיין איינפאַכע ייִדן. זיי האָבן דערגרייכט צו דער העכסטער מדרגה פון —

**גבורה און קדושה.**

ווו האָבן זיי גענומען כוח פאַר דעם? דאָס ווייס איך נישט. עס זיינען נאָר דאָ צוויי ייִדישע ווערטער פאַר זיי:

**גבורים און הייליקע.**

כבוד און ליבע צו אייך.

כבוד און ליבע צו די צוועלף הונדערט ייִדישע קינדער פון ביאַליסטאָק, די לעצטע קינדער פון דער שטאָט. שטיל, אָן מורא, אָן געוויין, זיינען זיי געשטאַנען אין די רייען, ווען די נאַציס האָבן זיי אויסגעשטעלט און אַוועקגעפירט אין די וואַגאָנעס. פריער האָט מען זיי אַוועקגעפירט אין קאָנצענטראַציע-לאַגער טערעזיענשטאָט. שפּעטער האָט מען זיי אַוועקגעפירט צו די גאַז-קאַמערן און די פייער-אויוונס פון אוישוויץ.

כבוד און ליבע צו אייך. איר אַלע האָט גרויס געמאַכט אויף אייביק דעם נאָמען פון אייער פאָלק.

נאָך זייערע העלדישע מעשים קען אַ ייִד, אַ ייִדיש קינד שטאָלץ זיין. קען מען ווייטער לעבן אויף דער וועלט.

ווען זיי זיינען געפירט געוואָרן צום טויט, געקלאַפּט מיט זייי־

ערע שיך אויף די שטיינער פון ברוק, געגאַנגען און געגאַנגען, האָט זיך געטראָגן דער עכאָ פון זייער רוף:

— „עם ישראל חי"! — דאָס ייִדישע פאָלק לעבט און וועט לעבן אייביק!

אַ צאָל פון זיי האָט אונטערגעצונדן די געטאָ-וואַנט, אונטער־געצונדן די דייטשע פאַבריקן אין געטאָ, זיך אַרויסגעריסן אויף דער אַרישער גאַס און זיינען אַנטלאָפן צו די סאָסנע-ביימער פון ביאַליסטאָקער וואַלד. געהאַט אַ ביסל געווער אין זייערע הענט — מער איז נישט געווען — האָבן זיי געשטאַרקט איינע די אַנדערע, געשטאַרקט זיך אין די לעצטע מינוטן:

— צוזאַמען, ברידער, קעמפט מיט אַלע כוחות!

— דער קאַמף וועט נישט זיין קיין פאַרשפּילטער!

די זעלטענע ייִדישע גיבורים האָבן געזאָגט איינע צו די אַנדערע:

— אויב אונדז איז באַשערט אומצוקומען, לאָמיר אומקומען שטייענדיק אויףביידע פיס, לאָמיר נישט קריכן ווי ווערעם אויף דער ערד!

— אויב שטאַרבן, לאָמיר שטאַרבן ווי שטאָלצע ייִדן!

— לאָמיר שלאָגן דעם שונא, די נאַצים, מיט וויפל כוח מיר האָבן!

די מערהייט איז אומגעקומען אין די שלאַכטן. אָבער אַ טייל האָט זיך אַרויסגעריסן. זיי זיינען אַוועק — און דערגאַנגען צו די פּאַרטיזאַנער.

ווען איך בין נאָך דער מלחמה געקומען אויף די חורבות פון מיין היים-שטאָט ביאַליסטאָק, האָט מיר אַ יונגע ייִדישע פרוי, אַ געראַטעוועטע, אַזוי דערציילט:

— איך בין געווען אַ פּאַרטיזאַנערין! און איך וויל, איר זאָלט וויסן וועגן אונדזער קאָמאַנדיר. דעם קאָמאַנדיר פון דער ייִדישער פּאַרטיזאַנער-גרופּע „פאָרויס". זיין אמתער נאָמען איז געווען יונה סאָכאַטשעווסקי. אָבער אין וואַלד האָבן אים אַלע גערופן „סאַשאַ".

סאָשע איז געווען דער העלדישער, דער בראַוער פירער, דער ליב־לינג פון די פּאַרטיזאַנער. פיל דייטשן זיינען געפאַלן פון זיינע קוילן, פון אונדזערע קוילן. אין דער לעצטער שלאַכט איז סאָשאַ אומגעקומען. די דייטשן האָבן אַרומגערינגלט דאָס אָרט אין וואַלד, ווו די פּאַרטיזאַנער זיינען געווען. ער איז אַרויס איינער אַליין צו די דייטשן, ווייל ער האָט געוואָלט שיצן די לעצטע גרופּע פּאַרטיזאַנער, אַז זיי זאָלן קענען אָפּטרעטן, זיך ראַטעווען. ער איז אַרויס מיט צוויי גראַנאַטן אין ביידע הענט. ער האָט זיי געוואָרפן אויף די דייטשן. ער איז פאַרוווּנדעט געוואָרן פון דייטשע קוילן ביים סאַמע שאָסיי. ער האָט נישט געוואָלט אַריינפאַלן אַ לעבעדיקער אין די הענט פון שונא. האָט ער געשאָסן ביז צו דער לעצטער קויל. די לעצטע קויל האָט ער אין זיך אַריינגעשאָסן. די גרופּע האָט ער געראַטעוועט. די ייִדישע פּאַרטיזאַנער זיינען אַנטלאָפן און האָבן ווייטער געקעמפט.

איך האָב דאָן אין ביאַליסטאָק, געזוכט, געוואָלט זיך דערוויסן וואָס עס איז געוואָרן מיט מיין משפחה, מיט מיינע שוועסטער, זייערע מענער, זייערע קינדער. וועגן טייל פון זיי, וועגן מיין שוועסטער ביילע און אירע צוויי טעכטער, האָט קיינער גאָרנישט געוווּסט. אומגעקומען. דערמאָרדעט געוואָרן פון די נאַצים. מיין שוועסטער אסתר־צביה איז נאָך געווען צווישן די לעבעדיקע אין די סאַמע לעצטע טעג, אין די טעג פון אויפשטאַנד, בעת די גרויסע שחיטות. וואָס איז מיט איר געוואָרן — ווייס מער נאָר: אומגעקומען.

איך וועל איבערגעבן וואָס מען האָט מיר דערציילט, וואָס עס איז פאַרשריבן אין די ביכער וועגן מיין שוועסטער שיינען:

אין די לעצטע לעבעדיקע שעהען אונטער די ברענענדיקע געטאָ־ווענט האָט איינער פון די פאָר נאָך לעבעדיקע קעמפער געזאָגט צו שיינען:

— גיב אַ האַנט, וועט מען דיר אַרויסטראָגן פון פייער, וועט מען דיר אַוועקפירן צו די פּאַרטיזאַנער!

האָט זי געענטפערט:

— ניין! איך וועל נישט אַנטלויפן. איך וועל זיין מיט די לעצטע ביז דער לעצטער שעה!...

אַזוי איז זי אומגעקומען — מיט אַ הייליקן טויט.

***

הערט די מעשה וועגן יוספּקען און זיין פאָטער, דעם ייִדישן לערער, מאָטל רובינשטיין.

זיי זיינען געווען פאַרשפּאַרט אין איינעם פון די וואַגאָנעס, וואָס די נאַציס האָבן געפירט צו די טויט-קאַמערן פון טרעבלינקאַ.

דרייסטע ייִדן פלעגן אויפרייסן אַ ברעט און אַרויסשפרינגען פון לויפנדיקן באַן. די נאַציס פלעגן שיסן אויף זיי. די מערהייט פלעגט דערהרגעט ווערן. איינצלנע האָבן זיך געראַטעוועט.

האָבן די נאַציס אָפּגעשטעלט די באַן, געעפנט די טירן פון די וואַגאָנעס און אַריינגעשאָסן אין די קנוילן ייִדן.

זיי האָבן אַזוי אויך געעפנט דעם וואַגאָן, אין וועלכן עס זיינען געפירט געוואָרן צום אומקום יוספּקע מיט זיין טאַטן.

עפענען די נאַציס די טירן פון וואַגאָן און הייבן אָן שיסן. יוספּקע האָט געוואָלט באַשיצן זיין פאָטער, האָט ער זיך אַ וואָרף געטאָן אויף אים מיט צעשפּרייטע הענט. די דייטשע רוצחים האָבן געשאָסן. יוספּקע האָט זיין טאַטן נישט געקענט באַשיצן. אַ רוצחס קוילן האָבןביידע דערהרגעט.

אַזוי האָט שפּעטער דערציילט איינער פון די, וואָס איז געפאָרן אין זעלבן וואַגאָן און איז לעבן געבליבן.

יוספּקעס גרויסע בולטע אויגן האָבן געקוקט און זיך געוווּנדערט, ווי זיי וואָלטן פרעגן די גרויסע פראַגע:

— פאַר וואָס?

און נישט באַקומען קיין ענטפער.

זיי זיינען אַלע דערשאָסן געוואָרן, פאַרברענט געוואָרן, אָבער

זיי זיינען נישט טויט. זיי לעבן אין דער ייִדישער געשיכטע, אין דער געטאָ־געשיכטע.

און דאָס איז אייביק לעבן.



א געטאָ־פרוי האָט געזען חנהקען א טויטע — די אויגן אירע פאַרמאַכט, דאָס פּנים שטיל, די ליפּן פאַרשלאָסן.

— איך הער... איך הער... — האָט די פרוי געזאָגט.

— וואָס הערסטו? — האָט מען איר געפרעגט.

— איך הער חנהקעס געזאַנג, וואָס זי האָט געזונגען אין דער געטאָ־טורמע.

— זי איז דאָך טויט.

— ניין, זי איז נישט טויט, זי לעבט, איך הער איר געזאַנג.

און דאָס איז אייביק לעבן.

ווען חנהקע האָט געלעבט, געקעמפט אין ביאַליסטאָקער גע־טאָ, האָט זי געחלומט א חלום —

פרייהייט, יושר און ברידערלעכקייט פאַר דער גאַנצער וועלט.

א ייִדישע ארץ ישראל און א פרייע וועלט.

זי האָט צו דעם נישט דערלעבט.

ווו זיינען איצט אירע חברים, די לעבן געבליבענע?

טייל אַרבעטן איצט אויף די פעלדער פון ישראל.

אַנדערע זיינען אַוועק בויען א ניי ייִדיש לעבן אין פרייע לענ־דער פון דער וועלט.

נישט אומזיסט זיינען זיי געבליבן לעבן. יעדער לעבן־געבלי־בענער ייִד האָט געמוזט מיט אַלע זיינע כוחות ווערן דריי מאָל ייִד. ייִדיש לעבן גייט ווייטער אָן.

לאָמיר היטן דעם אָנזאָג פון די געטאָ־ייִדן, וואָס זיינען שוין אַוועק צו דער אייביקייט:

„אַרבעטן און אַרבעטן, קעמפן מיט אַלע כוחות און ווייטער בויען אַ ניי און פריי ייִדיש לעבן”!

**

איך הער די שטים, וואָס רופט צו אונדז אַלעמען, אַ שטימע פון די אוועקגעגאַנגענע גיבורים און קדושים, פון די אומגעבראַכטע ייִדן.

— קענען מיר נישט לעבן — טאָ לעבט איר, טאָ זאָל לעבן אונדזער גייסט.

אים, אונדזער גייסט, האָבן די נאַצישע רוצחים נישט געקאָנט דערמאָרדן.

אונדזער גייסט איז שטאַרקער פון זיי.

עם ישראל חי!

עס לעבט אונדזער פאָלק און וועט א ײ ב י ק ל ע ב ן!

## אין פאַרלאַג „יידבוך“ זענען ביז איצט דערשינען:

1) **י. ל. פרץ** — דריי חסידישע דערציילונגען

2) **ח. ש. קאַזדאַן** — מעטאָדיק פון יידישער שפּראַך און ליטעראַטור **(אויספאַרקויפט)**

3) **י. י. טרונק** — כעלעמער חכמים **(אויספאַרקויפט)**

4) **שלמה סיימאָן** — אַמאָליקע יידן **(אויספאַרקויפט)**

5) **פראָפ' ליבמאַן הערש** — אויף דער גרענעץ פון צייטן

6) **יצחק פערלאָוו** — אין אייגענעם לאַנד **(אויספאַרקויפט)**

7) **י. י. טרונק** — דער פריילעכסטער ייד אין דער וועלט **(אויספאַרקויפט)**

8) **ש. סיימאָן** — תוך־יידישקייט

9) **נ. ב. מינקאָוו** — זעקס יידישע קריטיקער
**(פרעמירט דורך דעם ל. בימקאָ־פאָנד)**

10) **אַברהם זאַק** — אין אומרו פון יאָרן

11) **יוסף רייך** — וואַלד אין פלאַמען

12) **מ. וו. בערנשטיין** — אין לאַבירינטן פון תקופות **(אויספאַרקויפט)**

13) **לעאָן קאָברין** — מיינע 50 יאָר אין אַמעריקע

14) **יצחק פערלאָוו** — דזשעבעלאַ (**ראָמאַן**) **(אויספאַרקויפט)**

15) **ברוך ריווקין** — ה. לייוויק — זיינע לידער און דראַמאַטישע ווערק

16) **מלכה לי** — דורך קינדערשע אויגן **(אויספאַרקויפט)**

17) **יעקב פאַט** — די לערערין אסתר **(אויספאַרקויפט)**

18) **שלמה סיימאָן** — וואַרצלען **(אויספאַרקויפט)**
**(פרעמירט דורך דעם צ. סטאָליאַר־פאָנד)**

19) **מנחם באָרייַשאַ** — עסייען **(אויספאַרקויפט)**

20) משה דלוזשנאָווסקי — דערציילונגען און דראַמען

21) לעאָן בערנשטיין — ערשטע שפּראַצונגען (אויספאַרקויפט)
(פּרעמירט דורך דער ז. גזשיוואַטש־פּרעמיע)

22) משה אייזענבוד — געלעבט הינטער קראַטן (אויספאַרקויפט)

23) פ. מינץ (אַלעקסאַנדער) — ייִדישער אומקום אין פראַנקרייך

24) דוד איגנאַטאָוו — אָפּגעריסענע בלעטער

25) חיים גוטמאַן — (דער לעבעדיקער) פּאַמפּאַדור

26) נח גאָלדבערג — אויף צעוואָרפענע וועגן

27) י. ה. פּישמאַן — פריִער און שפּעטער

28) ל. לאָסאָווין — אַ חתונה אויפן באַרג לבנון

29) משה דלוזשנאָווסקי — ווי אַ בוים אין פעלד (ראָמאַן) (אויספאַרקויפט)

30) ב. שעפנער — אַ בליק אויף ישראל און אויף דער וועלט

31) פ. מינץ (אַלעקסאַנדער) — לאָדזש אין מיין זכרון

32־33) אַברהם זאַק — אויף שליאַכן פון הפקר (צוויי טיילן)
(פּרעמירט דורך דעם לואיס־לאַמעד־פאָנד)

34) סטעפאַן צוויג — די וועלט פון נעכטן (אויספאַרקויפט)

35) וויליאַם נאַטאַנסאָן — קולטור־קוואַלן

36) ב. ריווקין — ייִדישע דיכטער אין אַמעריקע

37) יצחק פּערלאָוו — פלאַראַ אינגבער

38־39) שמואל איזבאַן — די קעניגין איזבל (2 בענד)

40) שלמה סיימאָן — צווייגן

41) מ. אַקערמאַן — פאַרלאָשענע שטערן (אויספאַרקויפט)

42) מרדכי וו. בערנשטיין — דאָס איז געווען נוסח אַשכנז
(פּרעמירט דורך דעם יוסף העקמאַן־פאָנד)

43) שלמה ראָזענבערג — די כוזרים

44) אַנטאָלאָגיע פון דער וועלט־ליטעראַטור
(איבערגעזעצט און צונויפגעשטעלט פון י. איסאַקסאָן)

45) י. י. טרונק — משיח־געוויטער (אַרויסגעגעבן צוזאַמען מיט דעם „ציקאָ"־פאַרלאַג)

46) יוסף ראָלניק־בוך (אויספאַרקויפט)

47) אַברהם ווייץ — די לעצטע גוטע

48) ק. כצנלסון — דער קריזיס פון מאָדערנעם העברעיִש
(אַרויסגעגעבן צוזאַמען מיט דעם „ציקאָ"־פאַרלאַג)

49) גריגאָרי אַראָנסאָן — רוסיש־ייִדישע אינטעליגענץ
50) שלמה סימאָן — אויף אייגענע דרכים
51) ח. ש. קאַזדאַן — מענטשן פון גייסט און מוט
52) משה דלוזשנאָווסקי — ווינט־מילן
53) ישעיה טרונק — שטודיעס אין ייִדישער געשיכטע אין פוילן
54) נח גאָלדבערג — ווילדגראָז
55) פּ. וואַלד — געשטאַלטן פון ייִדישן פאָלק
56) מנוחה ראַם — ווינטן
57) יעקב פּאַט — חנהקע (די טאָכטער פון דער לערערין שיינע)

ווענן אַלע ענינים פון פאַרלאַג זיך ווענדן:

**EDITORIAL "IDBUJ"**

BOULOGNE SUR MER 671 — T. E. 87 - 9566 — BUENOS AIR..

